№ 12.

צווייטער יאָהרגאַנג

יודישע

# פאָלקס־צייטונג

18 März 1903. פערלאַג „פאָלקס־בילדונג“ וואַרשא. י"ט אדר תרס"ג.

אינהאלט: פאליטישע ענינים. — נייעס פון דער וואך: I וועלט נייעס; II יודישע נייעס. — אנהייב פריהלינג (שיר); אברהם רייזען. — אבגעריסען פון איינענע; מ. עהרליך. — די פליהענדיגע פאסט; ג. ב—א. — דאס לעבען זיך נעמען; ש. בעלענקי. — ליטעראטור און קונסט. — וויסענשאפטליכע ידיעות. — איין ערקלערונג פון אייזענבער; ל. שאלקאוויטש. — א מעשה פון דריי גבירים; מ. ספעקטאר. דער פראצעס וועגען דער צייטונג הצופה.

יודישע פראָווינץ־וועלט: I אלגעמיינע נייעס; II יודישע נייעס. — איך און מיין באבע; פ. קאנטראוויטש. — מודעות.

פעליעטאן: מיין ערשטער ראמאן; שלום־עליכם.

12—3 **ד"ר י. אלאפין**

**װאַרשאַ, טלאמאצקי 1.**

בעהאנדעלט הויט-, װענערישע קראנקהייטען אונ מענערשװעכע, נעמט אהן ביז 10 אוהר פריה אונ פון 5 ביז 7 נאכמיטאג, פרויען פון 4 ביז 5 נאכמיטאג.

# י. שעקמאן׳ װארשא.

**פאבריק פון זילבער 84 פראבע**

(128) עט פלאטעע־װאארען. 50 11

И. ШЕКМАНЪ Варшава, Налевки № 20.



מאגאזין נאלעווקי 20. פאבריק דזיקא 10.

## נייעס!!

שרייב העפטען מיט יודישע אבלאשקעס, אויף דער אבלאשקע איזט איין שעהנער ציוניסטישער בילד מיט דיא בילדער פון די שרייבער: סמולנסקין, גורדון, מאפו, ע"טער. אויף דער 2־טער זייטע איזט נאציאנאל לידער.

Писче-бумаж. магазинъ

**П. Рабиновича, Фастовъ Кiев. г.**

---

עס איז ערשינען א זאמלונג בילדער אונ ערצעלונגען פון

# שלום אש

אונטער דעם נאמען:

## אין אַ שלעכטע צייט

פרייז 40 קאפ.

הויפט פערקויף ביי ה׳ לודסקי (פערלאג „פראגרעס") נאלעװקי 38 „הצפירה", „תושיה" אונ „אחיאסף"

---

## וויר מאכען אויפמערקזאם

אויף דען פריוואט **כירורגישען שפיטאל** פון ד"ר **בארעל** װארשא מוראנאװסקא 14. אלע אפעראציאנען װערדען דורכגעפיהרט פאן ד"ר בארעל. אנגענומען װערדען חירורגישע קראנקע יעדען טאג פון 2-10 **פריװאט װאהנונג** דזיקא 3 פון 10—9 אונד 7—4.

(38) 26—16

## פריילינען אונ דאמען

קענען זיך אויסלערנען גוט שניידען אונ נייהען אין א קורצע צייט דורך בריעף אין זשארגאן, רוסיש אונ דייטש, די מעטאדע איז די בעסטע אונ די גרינגסטע. אפילו 12 יעהריגע מערכען קענען זיך גוט אויסלערנען, אויף תשובה א מארקע. ניט זאמט אונ פרעגט אן ביי:

Г-жѣ Бертѣ Найдичъ, Варшава.

(25) 52—28

**ТОЛЬКО** нѣсколькими рублями можетъ каждый завести постоянный хорошій заработокъ у себя дома. Объясненіе безплатно.

Адресъ: **Я. Найдичъ, Варшава.**

---

# אהוב את המלאכה!

אללע סארטען שפיגעל מאכען לערנט אויס גרינטליך, אויך דורך בריעפע

דער 25-יעהריגער פראקטיקאנט אין דיא שפיגעלפאבריקאציאן

Адресъ: **Юдку Вейнбляту**

Варшава, Слизкая 22.

(105) 25—9

---

## יי"ש ושפירט של

# פסח

**פון זאװאד יפה אין גראדנא**

גוטען יי"ש צו מעסיגע פרייזען.

167 צו װענדען: 5—3

**Заводу Яффе Гродна.**

---

## גאלוואנישע אנשטאלט.

**יהושע טייטעלבוים דזיקא 18**

נעהמט אן צו פערגילדען, פערזילבערן, פערניקלען, אקסידירען, אונ בראנזירען פערשיעדענע מעטאל ארבייט. עס װערד אויך אנגענומען אלטע זילבערנע אונ פערזילבערטע כלים אויף צו פרישען װי גאנץ נייע. **גאראנטיערט** פיר דויערהאפטיגקייט אונ צו גאנץ מעסיגע פרייזען.

**נייעס!** פערשיעדענע אייסלענדישע פרעססונגען, װי אויך דאמעןגירטעל מיט אלער ארט שנאלען גאנץ ביליג.

(99) 20—14

---

# לעזט ביכער

אין 5 שפראכען

אין **צוקערמאנ׳ס** לייה-ביבליאטהעק

178 4—2

## װארשא, נאלעװקי 7.

---

אללע ארט פאפירען, אויך װענען,

## חאנדלונגס־נאלאגען,

פאטענטען אויף ערפינדונגען און פאבריקסמארקען, שרייבט ספעציעלל אונ ביליג

4—2 176

**Ш. IОНОВИЧЪ, ВАРШАВА**

**Св. Георгія № 32 59**

---

## הוצאת „ישרון".

**בימ"ס „ישרון"** מלא וגדוש בכל הספרים החדשים שיצאו לאור מכל בתי הדפוס העברים וגם בספרים עתיקים יקרי הערך והמציאות, קונה ומוכר ספרים וביבליותיקות גדולות מכל מיני ספרים עברים. נכנס לרשות הוצאת „ישרון"

**אלבום** ארץ ישראל והמושבות

מאת ש. ראפאלאוויץ וזקס, פנין יקר כזה לא היה עוד בספרותנו.

שבעים וחמש ציורים ממראות הארץ וממקומות הקדושים וממושבות אחינו בארה"ק, ותולדות המושבות וראשית התיסדותן.

כתוב הוא עברית ואשכנזית.

האלבום הזה ראוי הוא להיות בכל בית ישראל לנוי ולקשוט.

מחירו 3 רו"כ, בכריכה יפה 3.75 עם פורטה. למו"ס ואגדות ציוניות הנחה הגונה.

**Книгоиз. „Iешурунъ", Вильна**

**Verlag „Ieschurun" Wilno Russland.**

25— (45)

---

# !!! וויכטיגע נייעס !!!

עס איז ערשיענען פון דרוק א נייע, וויכטיגע כריסטאמאטיע גרינדליך אויס צו לערנען די רוסישע אונ דייטשע שפראכע אין זשארגאן אונ קאליגראפישע פראפיסען. ביידע פון ה׳ יוסף גאראדינסקי, דער מחבר פון הויז־קארעספאנדענט.

פרייז מיט פארטא 40 קאפ׳, בוכהענדלער בעקומען ראבאט.

אויך איז ערשיענען א פיערטע נייע אויפלאגע פון דעם הויז־קארעספאנדענט, מיט פיעל אויסבעסערונגען אין דעם טעקסט רוסיש־זשארגאן אונ מיט א נייע צוגאבע דייטשע־בריעף אונ קאליגראפישע פראפיסען.

פרייז מיט פארטא 30 קאפ׳, בוכהענדלער בעקומען ראבאט.

אויך געפינט זיך ביי מיר אין ביכהאנדלונג מיין אייגענער פערלאג: פון ד"ר רובינ׳ס װערק: 1) החיים והמות; 2) סגולות בעלי חיים; 3) מלחמת הנגלה והנסתר; 4) סגולות הצמחים; 5) מערכת טעמי המצות.

אויך געפינט זיך ביי מיר אלערליי השכלה ספרים פון אלע פערלאגען, ספרי חנוך, מליצה ושיר וספרי רומעל פון אנדערע פערלאגען אונ אייגענע.

אדרעססע:

Книжный магазинъ С. Розумовскаго, Бердичевъ.

177 אדער אין דער פיליע: 10—2

Варшава, Налевки 34, Арону Цейлингольду.

---

## פאָרזיכטיג!

דאס איינציגסטע מיטעל צו א ברוך איז נאר ברוכבענדער וועלכע האלטען גוט איין דעם ברוך אונ דריקען נישט דעם קערפער, וועהרענד געװעהנליך אויסצוהיילען איז אונמעגליך.

(135) 50—3

זאלבע פערפערטיגט די פירמא

## Д. Мошковскій, Варшава

Налевки № **37**

וועלכע איז בעעהרט געװארדען מיט מעדאילע פון דאקטארסקע אויסשטעלונג

**37** צו בעאבאכטען דעם נומער **37**

---

# КОШЕРНЫЯ ВИНА כשר

Съ разрѣшенія духовнаго раввина г Одессы I **Гальперина** въ моемъ ренсковомъ погребѣ, помѣщающемся въ Одессѣ на Базарной ул., въ д. Пастухова за № 41, съ 1 іюля 1896 года производится оптовая и розничная продажа КОШЕРНЫХЪ ВИНЪ — русскихъ и иностранныхъ — подъ наблюденіемъ г. **Х. Я. Левина**, довѣреннаго г. раввина. Тамъ же продается Пасхальный спиртъ по казенной цѣнѣ.

I. КОНЦЕЛЬМАНЪ.

Адресъ для писемъ и телеграммъ: КОНЦЕЛЬМАНУ, **ОДЕССА.**

---

## וויכטיג פיר ארויסגעבער, מחברים און לעזער

די בוכבינדעריי אונ גאלאנטעריי-ארבייט פאבריק „טרוד"

**„ТРУДЪ" פון א. קאמען, װארשא,** סאלנא 10

נעהמט אן פערשיעדענע פראכט אונ איינפאך ארבייטען צו זעהר מעסיגע פרייזען. די בוכבינדעריי האט אלע נייטיגע מאשינען, די נייעסטע אונ שענסטע ארנאמענטען אונ שריפטען, נעהמט אן בעשטעלונגען אויף איינבינדען אונ

**בראשירען גאנצע אויפלאגען, ביבליאטהעקען, האנדעלסביכער, שולביכער א. ז. װ.**

בעזאנדערס פערפערטיגט פראכט-בענדער אויף **פרעזענטען**

שטענדיגער בוכבינדער פיר פערלאג „תושיה" אונ „אחיאסף" אונ פיעל אנדערע.

זיך צו װענדען שריפטליך אונ מינדליך אן

164 **А. Камень,** Варшава, Сольная 10. 10—4

Nr. 12. — Jüdische Volks-Zeitung — צווייטער יאהרגאנג.

אבאנאמענטס־פרייז פאר רוסלאנד:
יעהרליך 4 רובל, האלב־יעהרליך 2 רובל
פיערטעל־יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם״: יעהרליך 5 רובל; האלב־יעהרליך 3 רובל, פיערטעל־יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר׳ אויסצאהלען אין ראטען: ביים אויסשרייבען 2 רובל, דעם 1־טען אפריל 1 רובל, 1־טען יולי 1 רובל און דעם 1־טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 20 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנצייגען):
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 40 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.

יודישע
# פאלקס־צייטונג
א וואכען־בלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.



די אדרעסע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушія“ Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ“.
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.

די אדרעסע פאר עסטרייך־אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung“
Krakau, Sebastyangasse 32.

אבאנאמענטס־פרייז:
עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 10 קראנען,
האלב־יעהרליך . . . . 5 „
פיערטעל־יעהרליך . . . 2.50 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם״: יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלב־יעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פיערטעל־יעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.
ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

18 März 1903. — Nr. 12 — י״ט אדר תרס״ג.

## צו אונזערע געעהרטע אבאנענטען.

מיר דערמאנען די געעהרטע אבאנענטען, אז מיט דעם

## נומער 13 ענדע חודש מארט

ענדיגט זיך דער אבאנאמענט פון די וואס האבען אויסגעשריבען די פאלקס־צייטונג נאר אויף איין פיערטעל יאהר און בעטען אין דער צייט אריינשיקען דעם אבאנאמענטס פרייז: אויף דריי פיערטעל יאהר 3 רובל; א האלב יאהר 2 רובל; א פיערטעל יאהר 1 רובל.

אויך דערמאנען מיר די יעהרליכע אבאנענטען, וואס האבען אויסגעשריבען די צייטונג צוזאמען מיט דער פרעמיע, 4 בענדער פון אלע שלום עליכם׳ס ווערק, אויף ראטען, דארפען צום 1־טען אפריל צושיקען

## די צווייטע ראטע 1 רובל.

די ניט יעהרליכע אבאנענטען בעצאהלען פאר דער פרעמיע 4 בענדער פון שלום עליכם׳ס ווערק 2 רובל, אדער 50 קאפ׳ פאר יעדען באנד מיט פאטא.

מיר בעטען די יעהרליכע און ניט יעהרליכע אבאנענטען אריינצושיקען דעם ווייטערדיגען אבאנאמענטס פרייז ניט שפעטער פון 1־טען אפריל, כדי מיר זאלען זיי קענען פינקטליך שיקען די ווייטערדיגע נומערן.

## די אדמיניסטראציע.

אנמערקונג: 1) מיר בעטען די אבאנענטען, אז ביים אריינשיקען דאס געלד זאלען זיי מודיע זיין יעדער זיין נומער פון באנדעראל. 2) אבאנענטען אויף דער „פאלקס־צייטונג״ ווערען אנגענומען ניט וועניגער ווי אויף א פיערטעל יאהר פון נומער 1, פון נומער 14; פון נומער 27 און פון נומער 40 3) די „פרעמיע״ אהן דער צייטונג פערקויפט זיך ניט. 4) די אבאנענטען, וואס האבען אריינגעשיקט דעם 1־טען יאנואר 1 רובל 25 קאפ. אדער 1 רובל 5״, דארפען צום 1־טען אפריל צושיקען די ערשטע 75 קאפ. און די צווייטע 50 קאפ. לויט אבאנאמענט פרייזען וואס געפינט זיך אויף יעדען בלאט.



## פאליטישע ענינים.

(ענגלאנד און איטאליע שרעקען זיך. דער נייער האפען אין ביזערטא. רוסלאנדס ארבייט וועגען דעם שלום אין טערקיי).

ענגלאנד הײַט צער און עגמת נפש פון אלע זייטען, זי האט איהר ממשלה שטארק פערגרעסערט און האט א חלק אין אלע וועלט טיילען, אבער איהר גרויס ממשלה און עשירות לאזט איהר נישט רוהען און אייביג איז זי אין שרעק, מען זאל איהר דאס עשירות נישט אוועק רויבען. ענגלאנד שרעקט זיך פאר די בורען. וואס זי האט נישט לאנג איינגענומען. זיי זאלען נישט מאכען קיין מרידה, די ידיעות וואס טשעמבערלען האט געבראכט צוריקקומענדיג פון טראנסוואל איז זעהר גישט קיין פרייהליכע. לויט די דאזיגע ידיעות וועט נאך ניט איין וואסער אריבער לויפען ביז ענגלאנד וועט פון דארטען ארויסנעמען די טויזענטער פונטען גאלד, וואס זי האט דארטען אין דער לעצטער מלחמה בעגראבען, אז עס וועלען נאך צעהנדליגער יאהרען פערגעהען ביז די בורען וועלען ווערען אמת׳ע ענגלענדער, אז לעת־עתה חלומ׳ט זיך נאך די בורען פון זיין א פריי פאלק א זעלבסטשטענדיגע מדינה

נאך מעהר שרעקט זיך ענגלאנד, און דאס מאל שוין נישט זי אליין, זי האט א שותף צום שרעק, דאס קליינע, שוואכע, ארימע איטאליע, פאר דעם נייעם האפען וואס פראנקרייך בויט אין ביזערטא.

ביזערטא איז אפארט אין טוניס, וואס געהערט צו פראנקרייך און גרענעצט זיך מיט סיציליע, וואס געהער צו איטאליע. אין ביזערטא געפינט זיך א בוכטע, וואס איז לאנג 16 קילאמעטער און ברייט 10 קילאמעטער און איז צוגעצויגען מיט א קאנאל צום ים, דער קאנאל איז אבער פערלאזט, פערווילדעט און פערווארפען מיט זאמד און שטיינער. די לעצטע פאר יאהר אבער האט זיך פראנקרייך שטארק גענומען דעם דאזיגען קאנאל צו רייניגען און איהם מאכען פאר איינעם פון די בעסטע פארטען. פאר פראנקרייך איז דער פארט אין ביזערטא זעהר וויכטיג, זי קאן פון דארטען צו יעדע צייט אנפאלען אויף ענגלאנד און איטאליע, ביזערטא שניידט דורך דעם וועג, וואס געהט נאך אינדיע. גיבראלטאר און מאלטא פערליערען דורך דעם זייער געאגראפישען ווערט אין א מלחמה און ענגלאנד מוז שטענדיג האלטען מחמת דעם א שטארקע פלאטע אויף דעם מיטעללענדישען ים.

אין דעם רוסישען רעגירונגס-בלאט „פראוויט. וויעס". איז פערעפענטליכט געווארען דאס דאזיגע ארטיקעל וועגען די מאקעדאניער: „פון דעם וואס די רעגירונג האט בעקאנט געמאכט אין דעם $^{30}/_{11}$ פאריגעם יאהר ווייסט מען וואס רוסלאנד האט בדעה צו טוהן, בכדי איינצושטילען די אונארדענונגען אויף דעם באלקאן האלב-אינזעל. די קייזערליכע רעגירונג קוקט זיך גוט צו צום פאליטישען לעבען פון די פעלקער, וועלכע האבען דעם איינענעם גלויבען וואס די רוסען און זי האט ניט איינמאל די טערקישע רעגירונג אויפמערקזאם געמאכט, זי זאל פערבעסערען די לאגע פון די קריסטען אין טערקיי. בשעת דער רוסישער קייזער מיט זיין סוויטע זענען געווען אין יאלטא, האט מען געלאזט דארטען הומען דעם רוסישען געזאנדטען אין קאנסטאנטינאפאל און מען האט איהם געהייסען, ער זאל אויסארבייטען א פראגראם, לויט וועלכעם מען זאל אויסבעסערען די ארדענונגען אין טערקיי און זאל די טערקישע רעגירונג דערמאנען, זי זאל די נייע אויסבעסערונגען באלד איינפיהרען. דאס איינענע האט מען אויך געהייסען דעם דעלעגירטען, וואס די טערקישע רעגירונג האט געשיקט נאך ליוואדיא צו בעגריסען דעם קייזער און די טערקישע רעגירונג האט צוגעזאגט, אז זי וועט עס טוהן. אבער די איריאדע (בעפעהל), וואס די טערקישע רעגירונג האט ארויסגעגעבען פאריגעס יאהר וועגען נייע ארדענונגען זענען צו שוואך געוועזען, די אונרוהען און מרידות אין מאקעדאניע האבען נישט אויפגעהערט, דעריבער האט דער קייזער געהייסען דעם מיניסטער דעם אייסערען צו בעזוכען די הויפטשטעדט פון סערביע און בולגאריע און זאל איבערגעבען דעם קעניג אלכסנדר און דעם פירשט פערדינאנד, אז די רוסישע רעגירונג נעמט תמיד איין אנטהייל אין די לאגע פון די קריסטליכע פעלקער, וואס וואהנען אין טערקיי און איז זיך אצינד אויך משתדל ביי די טערקישע רעגירונג, זי זאל איינפיהרען נייע ארדענונגען. די סלאווישע רעגירונגען פון זייער זייט דארפען אבער אויך זעהען ווי ווייט מעגליך דעם שלום אויף דעם באלקאנישען האלב-אינזעל צו דערהאלטען. דערויף האט דער גראף לאמזדארף בעקומען א תשובה פון די סערבישע און בולגארישע רעגירונגען. אז זיי וועלען זעהען איינצושטילען די מרידה אין מאקעדאניע און טוהן דעם רצון פון דעם רוסישען קייזער און דערהאלטען דעם שלום אין לאנד. פון דארטען איז גראף לאמזדארף געפאהרען קיין ווין, וואו ער האט צוזאמען מיט דעם עסטרייכישען מיניסטער דעם אייסערען אויסגעארבייט א פראגראמע ווי צו פערבעסערען די לאגע אין טערקיי און דעם 4-טען היינטיגען חודש האט מען צעשיקט די פראגראמע צו די אלע מלוכות, וואס זענען געחתמ'עט אויף דעם בערלינער טראקטאט אין יאהר 1878, זיי זאלען דורכזעהען די פראג-

# פעליעטאן.

## מיין ערשטער ראמאן.

פון

### שלום-עליכם.

### דאס ערשטע קאפיטעל.

(די ערשטע שטעלע און דער כח פון פראטעקציע).

ווער עס האט פארזוכט דעם טעם פון זיצען שפעט ביינאכט א הונגעריגער ביי א שמעלצענדיג ליכטל, איינגעהילט אין א צעריסען פעלצל און חזר'ען גראמאטיקע: „אימעניטעלנעי - ביעליי סוויעזשעיי חליעב *); ראדיטעלנעי — ביעלאהא סוויעזשאהא חליעבא: דאטעלנעי — ביעלאמאו סוויעזשעמאו חליעבאו", און בשעת מעשה זאל זיך גליסטען חאטש א שווארץ, אלטגעבאקען שטיקל ברויט און ס'איז ניטא... ווער עס האט פארזוכט דעם טעם פון שלאפען אויף א הארטער באנק מיט א ווייכען קולאק צוקאפענס און דאס לעמפל טשאדעט און דאס קינד וויינט און די אלטע ווארטשעט... ווער עס האט פארזוכט דעם טעם פון אפאר שטיוועל, וואס איין אפצאס איז אבגעשפרונגען און א פאדמעטקע שלעפט זיך נאך און קוואטשקעט און איהר קאנט פון איהר בשום אופן ניט פטור ווערען... ווער עס האט פארזוכט דעם טעם פון אבטראגען דעם זייגער אין לאמבארד אריין און דער לאמבארד וויל איהם ניט אננעמען, מחמת די קאפערטע איז ניט פון ריין זילבער און די גערערעם זענען ניט ווערט קיין פיערער... ווער עס האט פארזוכט דעם טעם פון בעטען ביי א גוטען פריינד א גמילת חסד און ער לאזט זיך לאנג נישט בעטען, לייגט אריין די האנט אין קעשענע און חאפט ארויס דאס ביטעלע און שווערט אייך, אז ער האט ניט א גראשען... — ווער עס האט דאס אלסדינג פארזוכט, אליין איבערגעלעבט, דער וועט מיך אפשר פארשטעהן, ווי אזוי מיר איז געווען אויף דער נשמה, אז איך האב באקומען א שטעלע — די ערשטע שטעלע — פון צוועלף קארבען א חודש מיט קעסט און קוואַרטיר און אויף אלעם גרייטען!

ווי אזוי איך האב די שטעלע באקומען — וויל איך אייך נישט באמיהען, און איך מיין, אז איך בין גאר נישט מחויב אייך אלסדינג דערצעהלען, אז איך האב א פעטער, און דער פעטער האט א מומע און די מומע האט א בעקאנטען און דער בעקאנטער האט א קרוב און דער קרוב האט א מחותן זעהר א רייכען, נאר א פראסטען בעל-הבית, וואס וואהנט אין א דארף, האט א זוהן א בן יחיד און זוכט א לעהרער „אויף יודיש און אויף רוסיש און אויף דייטש און אויף בוכהאלטעריע און זאל זיין א טאטענס א קינד און ס'זאל קאסטען

*) נייעס פריש ברויט.

ראסע אונ אויב זיי זענען דערצו מסכים זאלען זיי העלפען זיי דורך זייערע געזאנדטע דאס אויסצופיהרען. אלע אייראפעאישע רעגירונגען האבען באלד דערצו מסכים געווען אונ האבען צוגעזאגט, זיך משתדל צו זיין וועגען דעם ביי דער טערקישער רעגירונג. די טערקישע רעגירונג האט אנגענומען די פראגראמע פון די פערבעסערונגען אונ האט באלד ארויסגעגעבען א בעפעהל דאס אויסצופיהרען. די רוסישע רעגירונג האלט פאר נייטיג נאך אמאל צו דערמאנען די סלאווישע פעלקער, אז זי וועט זי תמיד בעשיצען אונ שטיצען אין אלין וואס זיי דארפען באמת, אבער זיי דארפען אויך נישט פערגעסען, אז רוסלאנד וועט אפילו קיין איינציגען טראפ בלוט נישט פערגיסען פאר די סלאווישע רעגירונגען אין טערקיי, ווען זיי וועלען זיך בענוצען מיט מרידות אונ בונטען איבערצומאכען די ארדענונגען אויף דעם באלקאנישען האלב אינזעל.

---

## נייעס פון דער וואך.

### I. וועלט נייעס.

— אין רוסישען פינאנץ מיניסטעריום בעקלעהרט מען איצט די פראגע צו גרינדען איין עקסטרא באנק, וועלכע זאל פערלייהען געלד בעלי מלאכות.

— אין רוסלאנד בעקלעהרט מען איצט די פראגע צי מען זאל ערלויבען די מענשען, וואס האבען געענדיגט אין אויסלאנד איין אינסטיטוט פאר בערג־בוי־ארבייט, צו האלטען עקזאמען אין רוסלאנד אונ צו בעקומען דעם נאמען אינזשינער.

— אלע אסעקוראנץ־געזעלשאפטען, וועלכע געפינען זיך אין רוסלאנד, האבען אין יאהר 1902 בעצאהלט פאר שאדען פון שריפות, וואס זענען געווען בלויס אין פעטערסבורג אליין מעהר פון 6 מיליאנען רובל.

— דעם קומענדיגען אפריל וועט אין מאדריד (די הויפטשטאדט פון שפאניע) זיין א מעדעצינישער וועלט־קאנגרעס.

— אין די פעטערסבורגער גאסען וועט מען איינפיהרען טעלעפאן קעסטלעך, אונ די פאליציי, וואס געהען אין די גאסען, וועלען האבען קליינע טעלעפאנען־אפאראטען ביי זיך אין די קעשעניעס, דורך וועלכע זיי וועלען באלד קענען מודיע זיין פון אלץ, וואס עס פאסירט אויף דער גאס.

— די צייטען וועט אין מאסקווא פארטיג ווערען א שפיטאל פאר קראנקע, וואס האבען א ראק (קרעפס).

— אין אדעסער שולען האט מען אנגעהויבען איינצוגעוואהנען די שילער צו שרייבען מיט דער לינקער האנט, אונ אין א קורצע צייט האבען זיי שוין געשריבען מיט דער לינקער האנט אזוי ווי מיט דער רעכטער.

### II. יודישע נייעס.

**רוסלאנד.** אין גריצעוו (וואל. נוב.) איז געוועזען א גרויסע שרפה. עס זענען פערברענט געווארען 29 יודישע הייזער, זעכס מענשען זענען אויך פערברענט געווארען. צוויי הונדערט מענשען זענען געבליבען אהן ברויט. מען בעט פון דארט באלדיגע הילף.

— די אדעל פון טאווריטשעסקי נוב. זענען זיך משתדל, מען זאל ערלויבען יודען צו וואהנען אין אלע דערפער פון דער גובערניע.

— דער סענאט האט ערקלערט, אז די יודען, וואס קומען זיך קורירען אין די קיעווער הייל־אנשטאלטען, אפילו אין די פריוואטנע, האבען דאס רעכט צו וואהנען אין קיעוו די גאנצע צייט וואס זיי היילען זיך.

— דער לאדזער יודישער פאבריקאנט ה׳ הערץ האט דערלאנגט א בקשה, מען זאל איהם ערלויבען אויף זיינע הוצאות צו גרינדען א רעאל־שולע ספעציעל פאר יודען.

— אין קאברין (גראדנ. נוב.) איז געשטארבען ר׳ אהרן יהודה וולאדאוומסקי. דער פערשטארבענער האט זעהר פיעל געטאן לטובת העיר, ער האט געגרינדעט איין אנשטאלט פאר אלטע לייט אונ האט אויסגעבויט א נייעם שפיטאל פאר ארימע קראנקע. די איינוואהנער פון שטאדט האבען געוואוסט ווי צו שעצען זיינע פערדינסטען לטובת הכלל אונ צו דער לויה האבען זיי איהם גרויס כבוד אבגעגעבען.

---

וואלוועלי — פונקט אנגעמאסטען פאר מיר! אונ איך האב אנגעווענדט אלע מיינע כחות אונ איך בין אוועקגעלאפען צום פעטער אונ האב געבעטען דעם פעטער ער זאל בעטען די מומע, אז זי זאל בעטען דעם בעקאנטען, אז ער זאל בעטען דעם קרוב, אז דער קרוב זאל פועל'ן ביי זיין מחותן, דעם רייכען בעל־הבית, אז ער זאל נעמען מיך, ניט קיין אנדערען. ווארום א חוץ מיר זענען פארהאן אין מאזע־פעווקע נאך אזעלכע בחורים'לעך, וואס קאנען יודיש אונ רוסיש אונ דייטש אונ בוכהאלטעריע אונ וואס זענען אייך גרייט צו פאהרען אין דער וועלט אריין, אבי א שטיקל ברויט. נישט אזוי גיך האט מיין בעל־הבית ארויסגערעדט דאס גוטע ווארט, אז ער נעמט מיך; ער האט זיך לאנג געשלאגען מיט דער דעה: ערשטענס צי זאל ער נעמען א לעהרער צי ניין? אונ צווייטענס אויב נעמען, צי זאל ער נעמען מיך צי איין אנדערען? ביז גאט האט געהאלפען ס'איז ביי איהם געבליבען, אז ער זאל יא נעמען אונ דער גורל איז געפאלען אויף מיר, מחמת "די קענטעשין אליין (אזוי האט ער געזאגט) שפיעלען ביי איהם א קליינע ראלע; קענערס, האט ער געזאגט, זענען היינט פארהאן ווי די הונט, דער עיקר איז ביי איהם, אז דער לעהרער זאל זיין א "טאטענס א קינד", אונ אזוי ווי איך בין א "טאטענס א קינד", דערפאר נעמט ער מיך". אזוי האט מיר געזאגט מיין נייער פרינציפאל. נאר איך האב מורא, אז ער האט געזאגט מחילה ליגען, מיינע איבריגע קאנקורענטען זענען אויך "טאטענס קינדער", נישט ו"גציגער פון מיר, נאר וואס דען? זכות־אבות! פראטעקציעס!

יא, גרוים אונ שטארק איז דער כח פון פראטעקציע! אונ אז וואהל איז דעם מענשען, וואס האט א פעטער, וואס ער האט א מומע, וואס זי האט א בעקאנטען, וואס יענער האט א קרוב, וואס ער האט א מחותן א רייכען בעל־הבית, וואס וואהנט אין א דארף אונ האט א בן־יחיד אונ זוכט א לעהרער אויף יודיש אונ אויף רוסיש אונ אויף בוכהאלטעריע אונ זאל זיין א "טאטענס א קינד" אונ ס'זאל קאסטען וואלוועל!...

---

## דאס צווייטע קאפיטעל.

(מיין פרינציפאל פארווינט מיך מיט זיינע גוזמות אונ איך חאפ א דרימעל).

ווער איז געוועזען מיין פרינציפאל? וואס איז ער געוועזען? וואס פאר א פנים האט ער געהאט: צי איז ער א הויכער, צי א נידעריגער? צי א דינער, צי א גראבער? צי א געלער, צי א שווארצער? איך מיין, אז ס'איז אייך ניט אזוי נייטיג צו וויסען. ווי אזוי מע רופט איהם איז אייך דאכט מיר אויך ניט נוגע אין לעבען, עס קאן זיין אז ער לעבט נאך ערגיץ, פאסט מיר גאר ניט, איך זאל ארויסשטעלען דעם נאמען זיינעם. לאס איך אייך בעסער איבערגעבען דעם שמועס, וואס מיר האבען געהאט דאס ערשטע מאל, בשעת ער האט מיך גענומען צו זיך אין וואגאן אריין — א גאנץ פיינער עקיפאזש מיט צוויי שענע פערד — אונ האט מיך מכבד געווען מיט א ציגאר — די ערשטע ציגאר, וואס איך

— דער מיניסטער אויף די קייזערליכע גיטער האט בעשטימט פון דעם פאנד ביי די יודישע קאלאניעס 28,930 רובל צו בויען פינף שולען צום לערנען אין די יודישע קאלאניעס אין יעקאטערינאסלאווער גוב.

— אויף דער לעצטער אספה, וואס איז געווען ביי דער ווארשעווער חברה „יודישע פריקאזשטשיקעס", איז בעשלאסען געווארען צו בעצאהלען פון דער חברה'שער קאסע 300 רובל שכר למוד פאר די ארימע קינדער פון דער חברה.

— א יודישער סטודענט אין דעם ווארשעווער מאטהעמאטיקער פאקולטעט משה אוקראינסקי האט בעקומען א פרעמיע 149 רובל, וועלכע דער קופערניק־פאנד האט בעשטימט.

— ה' מייזלער, וועלכע האט אין ווארשא א יודישע שולע פון 4 קלאסען, איז זיך משתדל צו בעקומען איין ערלויבניש צו גרינדען א חברה אויף צו העלפען ארימע יודישע שילער.

— דאס מיניסטעריום דעם אינערען האט בעשטעטיגט די תקנות פון דער הייל־אנשטאלט, וואס דער דאקטאר פ. שאפאצניק און דער פעלדשער ל. ליפא האבען אויסגעבויט אין אטוואצק, (נעבען ווארשא) פאר יודישע שווינדזיכטיגע און הארץ־קראנקע. די דאזיגע אנשטאלט וועט האבען כשר'ע שפייזען.

— דער הויפט־פערוואלטער פון קאווקאז פירסט נאליצין האט אויפגענומען זעהר פריינדליך די יודישע דעפוטאציע, וועלכע איז געקומען פון טיפלים נאך פעטערסבורג צו בעטען, מען זאל פון קאווקאז ניט ארויסשיקען די 120 יודישע משפחות, וועלכע וואהנען דארטען אהן רעכטע, און האט אנגענומען זייער בקשה.

— אין יאהר 1902 האבען זיך אין פעטערסבורגער אוניווערזיטעט געלערנט 129 יודישע סטודענטען.

**ענגלאנד.** דער לאנדאנער יודישער לארד־מער איז פארינגען שבת געקומען, מיט זיין גאנצער פאמיליע און מיט דעם שעריף (שופט) פון שטאדט, געקליידעט אין זיין פאראדנע פארמע אין דער יודישער שוהל צו מאכען א „הזכרה" זיינע פערשטארבענע עלטערן. ער האט אויך עולה לתורה געווען, געמאכט די ברכות און מנדר געווען א נדבה.

— די חברה יק"א האט בעשטימט 6 מיליאנען פראנק צו גרינדען פאר יודען קאלאניעס אין בראזיליע.

**פראנקרייך.** דער צדקה קאמיטעט אין פאריז האט דעם פארשטעהער, באראן עדמונד ראטשילד געשאנקען א זילבערנעם מעדאיל אין דעם טאג, ווען עס איז געווארען 25 יאהר זייט ער איז געווארען דער פארשטעהער פון דער חברה.

— דער בעוואוסטער יודישער שרייבער אין דער פראנצויזישער שפראך בערנאר לאזאר, האט געשיקט א בריף צו די פארשטעהער פון דעם פראנצויזישען קאמיטעט, וואס נעמט זיך אן פאר די קריסטען אין טערקיי, אין וועלכען ער רעדט זיי אויס פאר וואס זיי נעמען זיך ניט אן פאר די רומענישע יודען, וועלכע ווערען שלעכט בעהאנדעלט. דערויף האט איהם איינער פון די פארשטעהער פרעסאנסע געענפערט אז עס איז נישט מעגליך געווען אריינצומישען די יודישע פראגע אין רומעניע מיט דער קריסטען־פראגע אין טערקיי. מיר האבען אבער אי די רומענישע יודען נישט פערגעסען, און וועלען מלחמה האלטען געגען די רציחות וואס מען טוט זיי.

**איטאליע.** נישט לאנג האט מען פארגעטראגען אין איטאליענישען פארלאמענט א געזעץ, מען זאל זונטאג נישט טארען ארבייטען, דערויף האבען די איטאליענער רבנים דערלאנגט א בקשה, מען זאל יודען נישט צווינגען צו דעם געזעץ, ווייל אויב נישט וועט זיי אויסקומען נישט צו ארבייטען צוויי טעג אין וואך, שבת און זונטאג.

**אמעריקא.** די חברה „צו פערשפרייטען ערד־ארבייט צווישען די יודען אין „אמעריקא", האט פערזארגט 59 פאמיליען מיט לאנד, עס געהט זיי גאנץ גוט.

— פון א סך יודישע געמיינדען האט מען פראטעסטירט אויף דעם וואס אין ניו־יארקער פארט בעהאנדעלט מען זעהר שלעכט די יודישע עמיגראנטען. דער הויפט־אויפזעהער פון פארט האט געענפערט, אז מען בעהאנדעלט יודען נישט ערגער ווי אנדערע, מען בעהאנדעלט זיי לויט די נייע געזעצע וואס איז געמאכט פאר אלע עמיגראנטען.

— אין חודש דעצעמבער זענען אין ניו־יארק איין געוואנדערט 5970 יודען, צווישען זיי 2417 מענער 1491 פרויען און 1999 קינדער. 2989 פון זיי

---

האב אויף מיין לעבען פארוויכערט און וואס האט מיך אפגעקוילעט אויף אייביג.

— פאהרט איהר ארויס היינט דאס, יונגערמאן, דאס ערשטע מאל פון שטאדט אין דארף אריין? — אזוי מאכט ער צו מיר און קוקט אויפ'ן גרויען אש פון הער שווארצער ציגאר — איהר קערט אודאי מיינען, יונגערמאן, אז א דארף איז מי יודע וואס, און מיר, דארפסיודען, ווייסען ניט, וואס גוט איז? איהר וועט זיך פארנינען אנקוקען, יונגערמאן, א זיצעכטס פון א דארפסיור, א שטוב מיט א הויף מיט א גארטען — א פאלאץ, א דווארעץ! חדרים און חדרימלעך, איך זאל אייך זאגען יונגערמאן בלא נוזמא כמעט ביז צוואנציג, וואס זאג איך צוואנציג? אריבער דרייסיג! אי צו וואס דארף איך אזוי פיעל חדרים? איך ווייס אליין ניט; צוליב די געסט. עס קומען צו מיר אפטמאל געסט, וואס זאג איך אפטמאל? אלע וואך, אל'ע טאג, ניטא דער טאג ס'זאל ניט קומען קיין גאסט, צוויי געסט, דריי געסט, און נאך וואסערע געסט! א פריץ, א פריסטאוו, איין איספראווניק, א מיראווא׳... איך לעב מיט זיי אלע זעהר גוט. לאס איך האבען די ברכות ווי פיעל מאל סע מאכט זיך איך זעה א קארעטע מיט פיער פערד פאהרט צו גלייך צום גאניק; פרעג איך: ווער איז דאס געקומען? זאגט מען מיר: יעווא פרעוואסחא דיטעלסטווא. דאס הייסט דער גובערנאטאר אליין... נו, קאן מען ניט זיין קיין דבר־אחר און מע מוז איהם אויפנעמען ווי סע געהר צו זיין, איהם אפטריטען די גרעסטע חדרים מיט'ן גאנצען גארטען, און ביי מיר א גארטען מעג מען איהם אנקוקען! א וואלד, ניט קיין גארטען; מיינע עפעל, מיט מיינע בארען, מיט מיינע פלוימען האבען א שם! היינט ווייןטרויבען? אלסדינג

איז ביי מיר ברוך השם פאראן איינענס. ווישניק פון מיינע וויינשעל און וויין פון מיינע וויינטרויבען און ראזינקעס איינענע, און אפילו פיש אויך איינענע פונ'ם איינענעם טייך, און נאך וואסערע פיש! קארעסען, קארפען און שלייען און לעשטשעם — לעשטשעם אט אזעלכע א!...

דערביי טוט מיין פרינציפאל א מאך מיט ביידע הענט אין דער ברייט און איך בייג זיך אן אביסל אויף א זייט, בכדי איך זאל איהם קאנען דורכלאזען זיינע לעשטשעם...

ער הערט נישט אויף צו דערצעהלען נוזמות און איך האריך, האריך מיט קאפ, שלינג, שלינג די ווערטער. די קארעטע ווינט זיך ווי א ווינגבעטל, די פערדלעך שמייסען מיט די וויידלען און לויפען — לויפען אהן איין אפשטעל, און איך קאן אייך אקוראט ניט זאגען: צי פינ'ם ווינען זיך אין דער ווייכער קארעטע, צי פון די פערדס שמייסען מיט די וויידלען, צי אפשר פונ'ם פרינציפאלס נוזמות — איך הויב אן צו חאפען א דרימעל... עס איז א שענע ווארעמע זומערנאכט! א גרינג ווינטל פארגנב'ט זיך אלע מאל און טוט מיך א שמיר, א גלעט ווי מיט סאמעט איבערן פנים און איך ווער אנשלאפען, און פונ'ם שלאף הער איך אז מיין פרינציפאל חראפעט גאנץ געשמאק.

אז מיר זענען געקומען צופאהרען אויפ'ן ארט האט שוין די זון געהאט איינגעפאהרען א שטיק הימעל. ריין איז זי געווען, די יפהפיה, ריין און לויטער, לעכטיג און לעבעדיג, געשמייכעלט צו מיר גאר פריינדליך און אפגעגעבען מיר אויפ'ן נייעם ארט א שענעם א ברייטען גוט־מארגען׳

(פארטזעצונג קומט).

זענען געקומען פון רוסלאנד, 2000 פון גאליציע, 892 פון רומעניע און די איבריגע פון אנדערע לענדער. 4576 זענען געבליבען אין ניו־יארק און 1830 אין אנדערע שטעדט.

**חינא.** אין שאנגהיי האט מען געגרינדעט א יודישע שולע צום לערנען. אין דער דאזיגער שולע געפינען זיך פיער לעהרער. מען לערנט מיט די קינדער ענגליש און העברעאיש. מיט די מיידלעך וואס לערנען אין דער איינענער שולע, לערנט מען אויך נייהען.

**אפריקא.** אויף דעם באל, וואס לארד מילנער, דער גענעראל־אויפזעהער פון דרום אפריקא, האט געמאכט לכבוד דעם ענגלישען קאלאניע מיניסטער טשעמבערלען, זענען אויך געוועזען געלאדען 5 יודען.

**אויסטראליע.** א יודיש יונגעל, יצחק כהן, האט בעקומען די ערשטע פרעמיע פאר א בילד, וועלכע ער האט געמאלט. כהן איז אלט 17 יאהר.

### די וואהל פון סעוויטאן און דער ענין דרייפוס.

די קאמיסיע, וועלכע מען האט אויסגעקליבען, נאכצוזעהען אויב די וואהל פון סעוויטאן איז ריכטיג צוגעגאנגען, האט איהר ארבייט גע־ענדיגט. די קאמיסיע האט פארגעלעגט, מען זאל סעוויטאנען נישט פסל'ען פון זיין איין אבגעארדענטער אין פארלאמענט. צווישען די פיעל עדות וועגען דעם ענין איז אויך געוועזען יוליוס לעמעטר. ער האט גע־זאגט, אז גענעראל גאליפע האט געשריבען א בריף צו די רעגירונג, אז אויב זי וועט נישט אננעמען דער פסק דין וועגען דרייפוס פון יאהר 1894 וועט פראנקרייך צעפאלען ווערען אין צוויי פארטייען: איין פארטיע דאס מיליטער, די אבגעארדענטע און די מדינה און די צווייטע פארטיע דאס מיניסטעריום און די דרייפוסארען. אז מען האט געפרעגט דעם גענעראל גאליפע וואס ער זאגט צו לעמעטרס רייד האט ער געזאגט „איך מוז שווייגען“. אט די דאזיגע רייד פון דער קאמיסיע איז דער שליסעל צו עפענען ווידער דעם ענין דרייפוס.

---

## אנהייב פריהלינג.

I.

א ליכטיגער טאג —
איך האב איהם דערקענט;
איך האב מיך אן טרויס,
אן אלטען דערמאנט.

און עפיס אין קאפ
ווערד ליכטיג און ריין,
און עפיס אין הארץ
ווערד ווארים און שיין...

עס פרעגט מיך איין שטראהל:
„דו געדענקסט, דו געדענקסט?
א צווייטער שטראהל פרעגט:
צי דו בענקסט, צי דו בענקסט?...

א דריטער שטראהל פרעגט:
צי פיהלסט נאך איהר גלעט?
און נאך איינער פרעגט:
צי איז שוין ניט שפעט?...

א, שטראהלען, לאזט אב —
געוועזען איז עס לאנג!
א, שטראהלען, ניט פרעגט —
עס טוט אזוי באנג...

II.

איך געה אום אין פעלד —
ווי ברייט און ווי פריי!
א פייגעל פליהט דורך
און טראגט זיך פערביי.

און מילד לייכט די זון
און איז גאר ניט קארג;
מיט שטראהלען בעגילדט
האט זי דארט דעם בארג...

אין שטאדט איז מיר ענג,
אין שטאדט איז מיר שווער,
ענטלאפען פון דארט
בין איך יעצט א הער...

איך געה אום אין פעלד
דאס הארץ עפיס שרעקט...
עס דאכט זיך, איך הער
א קול, ווי עס פרעגט:

וואס טוסט דו דא, מענש,
און וואס איז דיין ציעל? —
דא איז אזוי ריין,
דא איז אזוי שטיל...!

אברהם רייזען.

---

## אבגעריסען פון אייגענע.

(ענדע.)

דער זיידע איז איין אלטער בעל־תפלה, און מאיר'ל האט א זיס געשמאק קול'כל. פלעגט נעמען דער זיידע מאיר'לען אויף זיינע קניע און זינגען מיט איהם „שושנת יעקב“, איינמאל, דעם צווייטען, ביז וואנען ער פלעגט עס קאנען זינגען שוין אליין. דער נאך פלעגט דער זיידע אויפהייבען זיינע ביידע הענט און געבען א זעץ אין טיש — און אין שטוב פלעגט ווערען טויט־שטיל, און גרויס און קליין פלעגען קוקען מיט קנאה... און דער זיידע ברומט נאר שטיל אונטער, מאכט מיט דער האנט צום טאקט, און מאיר'לס זיס קול'כל גיסט זיך פאנאנדער צעקייקעלט זיך, ווי א קליין גלעקעלע איבערן צימער, און זיינע אייגע־לעך פלאמען און אלע קוועלען...

א געטומעל הייבט זיך אויף ווען ער ענדיגט זיין זינגען, און זיין מוטער קומט און נעמט אים אראפ פון דעם זיידע'נס קניע, קישט איהם אין שטערן און שפייעט אויף דער ערד — איהם זאל קיין „עין־הרע“ ניט שאדען...

— אך, אז דער זיידע וואלט ערשט געזעהען אין וואס פאר א לאך איך ליג פערשטעקט און ווי מיר שטעהט פאר פארברענגען דעם פורים, — לויפט איהם דורך א געדאנק. און ער ווערד פול מיט רחמנות אויף זיך זעלבסט — אבער וואס איז מיט מיר הייגט אזוינס? פרעגט ער זיך מיט אמאל — מיט וואס איז הייגט אנדערש ווי

געכטען, אייער־געכטען, וואס פאר א ימים־טובים?... פרוווט ער זיך פילאזאפירען איינצושטילען זיינע טרויעריגע געדאנקען.

איהם געלינגט אבער ניט בערוהיגען זיך. „גיט דער יום־טוב ארט מיך — רעדט ער מיט זיך זעלבסט — פאר וואס אבער דארף איך זיין ארויס געווארפען?... אין דער צייט, ווען אלע געניסען איבעריגעם דארף מיר פעהלען דאס נייטיגע"...

— אבער ווער איז שולדיג?

— ניין, ליגען און ווארטען — דאס איז קיין שכל ניט — טראכט ער ווייטער — מען דארף עפּיס פארט קריגען א מיטעל „יגעת ומצאת תאמין", מען דארף עפּיס געפינען —

ער קריכט אראב פון בעט און טוט זיך אן.

אין צימער איז האלב־פינסטער, ער זוכט דעם אויבער־ראק און און געפינט איהם ניט אזוי גיך.

ער צינדט אן דאס לעמפּל און קוקט זיך ארום: ביי דער וואנט זעהט ער די צעוואָרפענע בעט, נעבען איהר — א קליין טישל מיט עטליכע צעפליקטע ביכלעך, דערביי אויף א צוואק הענגען, משטיינס געזאגט, זיינע קליידער: איין אלטער טונקעלער אויבער־ראק מיט איין אלטען זומער־מאנטעל.

ער נעמט אן דעם אויבער־ראק ביים ברעג פאלע און בעטראכט איהם — עס איז איהם אריין אנליקליכער געדאנק: דעם אויבער־ראק טראגט ער שוין ניט, מען קאן אים אויסבייטען אויף א ביסל קליין געלד...

עס טוט איהם אבער באנג ווייל מיט דעם ראק זענען איהם פיעל מאמענטען פון זיין לעבען פערבונדען:

באלד, ווי ער האט איהם אויסגענעהט דארטען נאך אין דער היים, האט ער אין איהם אב געגעבען דעם ערשטען וויזיט זיינער א גוטער פריינדין — און אפשר מעהר אלס א פריינדין — פריידע האט זי געהייסען.

זי האט דאמאלס מיט א שמייכעלע איהם אנגעקוקט און געזאגט

— דו שיינסט דאך גאר אין דעם ראק...

און ער האט זיך געפיהלט דענסטמאל אזוי גליקלין... אויף איהרע ווערטער האט ער ניט געפונען וואס צו ענפערען, די באקען האבען איהם גאר עפּיס צופיעל געברענט און דאס הארץ — צו פיעל געקלאפּט...

— ווי נאריש איך בין דאמאלס געוועזען, — לויפט איהם דורך א געדאנק.

ער נעמט אראפּ דעם ראק פון'ם צוואק, בעטראכט איהם לינקס, רעכטס: די לינקע זייט איז שוין ערטער־ווייז צעריסען. די ברעגעס פון די ארבעל אונטערגעשלאגען.

— כמעט נאך גאר גאנץ — לויפט איהם דורך אין קאפּ...

א זופץ רייסט זיך איהם ארויס ניט ווילענדיג, און ער לייגט צונויף פארזיכטיג דעם ראק און לייגט איהם אוועק אויפ'ן טישל.

— א קאפּיקעס פערציג, אדער פינפציג, מעהר אוודאי ניט — טראכט ער געהענדיג אויפזוכען א הענדלער.

---

א הינטער טויער, מען זאל איהם אזוי לייכט ניט בעמערקען, שטעהט מאיר'סאן מיט דעם ראק אונטער'ן ארעם. און נעבען איהם שטעהט, מיט א זאק אויפ'ן אקסעל, א שמאטע־הענדלער.

— נו, איז וויפיעל ווילט איהר? — פרעגט דער הענדלער.

— נאך א גאנצער ראק כמעט, איך האב דאך אייך געזאגט. —

— ניין, איך ברויך עפּיס אויך צו פארדינען, פערציג קאפּיקעס אז איהר ווילט — נעמט; — און קערט זיך אום און וויל אוועקגעהן.

— וואס איילט איהר זיך אזוי? בעטראכט איהם גוט, ווי איז עס מעגליך אזוי ביליג? — בעט זיך מאיר'סאן.

— איך האב קיין צייט צו באלמוטשען — עס איז דאך יום־טוב! — איהר ווילט געלד — נעמט! — פערציג קאפּיקעס נעמט איהר?

און מאיר'סאן האט גענומען און אוועקגעגעבען דעם ראק.

עטליכע סעקונד איז ער געשטאנען פארטיעפט, און זיינע בעפייכטעטע אויגען האבען נאך געקוקט דעם ראק אויפ'ן אקסעל ביים הענדלער, וועלכער האט זיך מינוטען־ווייז געוויזען און פערלארען, ביז ער איז, ענדליך, אין גאנצען פערשוואונדען...

---

דערפאר האט ער געהאט א פרעהליכע „סעודה"...

אין א רעסטאראן איז ער אפילו ניט געגאנגען — דארטען וואלט זיין געלד צו וועניג געוועזען; ער איז געגאנגען אין „א זייטיגען" רעסטאראן, וואו מען ווייסט ניט פון קיין „סעודה" בעזונדער, נאר ווען מען וויל מאכט מען זיך א סעודה...

פאר גאנצע 25 קאפּיקעס האט ער אויסגעטרונקען בראנפען — איהם האט זיך געוואלט, ווי פערלעשען עפּיס איין אינערליכען פייער, — פאר דאס איבעריגע האט ער פערביסען.

זאט, לייכט בעטויבט, אביסל אויפגערייצט איז ער געגאנגען צוריק אהיים.

אין קאפּ האט איהם אביסל געמישט, און עס האט איהם געשטערט אבצושטעלען זיך אויף א וועלכען עס איז געדאנקען.

געהענדיג פאלט זיין בליק אויף א פענסטער פון א קעלער־שטוב. ער שטעלט זיך אב.

פון דעם פענסטער שלאגט א שטארקע ליכטיגקייט פון א גרויסער לאמפּ, וועלכע עס הענגט איבער א גרויסען טיש, ארום וועלכען עס זיצען: עטליכע מאנסלייט, צוויי יום־טוב'דיג פערפוצטע פרויען, א פאר בחורים'לעך און עטליכע קליינע קינדערלעך.

דער טיש איז בעדעקט מיט א ווייס טישטוך. צוויי לייכטער מיט צוויי סטעארינאווע פרייהליך ברענענדיגע ליכט שטעהען אין מיטען. ארום זיי — עטליכע פלעשלעך משקאות, קליינע קעלעישקעס, טעלער מיט פארבייסען, א גרויסע געפלאכטענע חלה...

ער קוקט זיך צו אינ זעהט, ווי די דריי מענער הויבען אויף דריי קעלעשקעס, טראגען זיי צו איינס צו דאס אנדערע, א שאקעל מיט די קעפּ און אריין געקערט אין מויל אריין... די געזיכטער פארקנייטשען זיך, הענט זוכען איבער די טעלער און טראגען זיך צו באלד צו די מיילער... און באלד נאך דעם האט זיך געלאזט הערען עפּיס א מין מרוקעריי, עהנליך, כלומר'שט, אויף א נגון, אנפאנגס שטיל, יעדערער בעזונדער, באלד אבער שטארקער און שטארקער און דריי גראבע שטימען האבען זיך צונויף געגאסען און זיך געלאזט הערען העכער

און העכער... זייערע אויגען האבען זיך פערמאכט און די געזיכטער האבען געפלאמט...

מאיר׳קאן האט זיך ניט געקאנט אבריסען פון׳ם פענסטער. עפּיס א מאדנע צעמישט געפיהל האט אנגעפילט זיין הארץ: רחמנות אויף זיך, קנאה און צארען אויף דעם צווייטען...

— דא לעבען מענשען — לויפט איהם דורך א געדאנק — וואס אבער בין איך? — איין אבגעריסענע שמאטע, וואס עס שלעפּט זיך פון הינטען נאך דעם „מענשען־קלייד": איין אונפארזיכטיגען קלאפּ הינטען מיט דעם פוס — און איך וועל אויסגעמישט מיט דער בלאטע...

א מאדנע ביטערקייט פיהלט ער עפּיס אין הארצען, און, זייענדיג צערייצט, וויאלט ער וועלען עפּיס אפּטון אזא זאך, אז עס זאל שטערען אט יענע „שרייענדיקע קעלבער", דארטען אין קעלער־שטוב, זייער נארישע צופרידענהייט...

— אריין ווארפען זיי א שטיין אין פענסטער? — טראכט ער און איהם טוט שוין הנאה, פארשטעלענדיג זיך דעם געטומעל, וואס ער וועט דערמיט פערשאפען...

— ע, נארישע געדאנקען, האט ער געזאגט, און איז אוועק צו זיך א היים.

קיינער האט ניט בעמערקט, ווי ער איז אריין געגאנגען: דא איז מען אויך געווען פארטראגען שטארק אין דער „סעודה". עס האט זיך געהערט א מיש־מאש פון קולות, אקלאפען פון גלעזער, גאפּלען, לעפעל, א זינגעריי א צעמישטע מיט קינדער געשרייען — עס האט געקאכט, געלעבט...

מאירקאן איז געשטאנען איניגע סעקונדען ביי דער טיר, וועלכע פירט אין יענע צימערן, פון וואנען עס טראגט זיך די אלערליי משונה׳דיגע קולות.

א ווילדער געדאנק האט איהם אנגערופען — אריין געהן און אויסשרייען: „פּראים, משגעים! וואס איז מיט אייך די שמחה?"..

שעלטען, שענדען, און מאכען מיט דער בלאטע האט זיך איהם ערשט געוואלט. פאר וואס, אייגענטליך, ווייסט ער אליין ניט, זיי האבען איהם דאך גאר נישט געטאן; נאר דאס פיהלט ער: ער קאן זיי ניט מוחל זיין, פאר וואס זענען זיי אזוי פרייהליך?...

ער האט זיך שוין כמעט גענומען פאר דער טיר צו עפענען זי...

באלד אבער האט ער געפיהלט, אז דער קאפּ דרעהט איהם עפּיס צו שטארק, אין די אויגען פינטעלט. די פיס ברעכען זיך, און אויף דעם הארצען איז אזוי ניט גוט...

ער האט דערטאפּט אין דער פינסטער צו זיין בעטל און האט זיך ארויף געווארפען אויף איהר.

עטליכע סעקונדע איז ער געלעגען פארמאטערט מיט א פוס־טען קאפּ. טיפע זיפצען האבען זיך געריסען פון זיין פערביטערט הארץ, וועלכע זענען באלד פארשטיקט געווארען צווישען די דיקע ווענט, און צו קיין מענשענ׳ס אויער זענען זיי ניט אנגעקומען...

באלד האט ער געפיהלט, אז דאס בעטל וויגט זיך, נאכדעם האט זיך אנגעהויבען וויגען די פאדלאגע. נאך דעם — אלע פיער שטאק פון אויבען, מיט א מאל האט זיך עס גענומען דרעהען ארויף און אראב, ארויף און אראפּ... אט, אט — און ער פאלט ערגעץ אין א תהום...

ער חאפּט און גראבט זיך איין מיטביידע הענט אין בעטל...

עס העלפט אבער ניט — עס דרעהט זיך אזוי געשווינד... מיט א מאל — טראך! — די פיער־שטאק האבען „כורעים" געמאכט, און ער אבער, אנשטאט צו צעבּרעקעלט ווערען האט זיך עפּיס אויפגע־עפענט פון אונטען א לאך א פינסטערע, און ער פאלט, זינקט און זינקט... קיין קלאפּ פיהלט ער ניט, נאר וואס אונטען איז פוסט, און ער זינקט ביז וואן ער ווערד צעשוואומען אין אמין „תהו אריין און ווערד אויסגעמישט מיט דעם „גאר נישט"...

און פון יענע צימערען האט זיך נאך לאנג געטראגען א קלינגע־ריי מיט א זינגעריי...

ם. עהרליך.

# די פליהענדיגע פּאסט.

די וויסענשאפט, דעם מענשענס שכל, זיין קלוגער מח איז מחדש אין יעדען דור וואונדערליכע חדושים. טוט אויף גוואלטיגע נייעסען, מיט וועלכע מען פערלייכטערט, פערבעסערט און פערשענערט דאס לעבען.

די לעצטע צייטען טוט זיך אין די בעסטער מעשים, מרעיש עולמות זענען זיי וועגען די נייע ערפינדונג, וואס איינער איין איטאל־יענער טעדזשי האט ערפונדען. די דאזיגע ערפינדונג, רעדט מען, וועט איבערקעהרען און איבעראנדערשען דעם גאנצען סדר ביי בריף שיקען. איצט האבען מיר דערצו אייזענבאהנען, פאראחאדען; די אייגע־נע מאשינעס, וואס טראגען אונז גופא איבער פון איין ארט צום צווייטען, טראגען אויך איבער אונזערע בריף. מיט דער צייט אבער, קאן זיין, אז צוליב די נייע ערפינדונג פון דעם איטאליענער וועלען מיר קוקען אויף די דאזיגע בריף־פיהרער ווי אויף איין אבגעשלאגענער הושענא, אזוי ווי מיר קוקען היינט אויף די אמאליגע וועגען און בוי־דעם. מיט וועלכע אונזערע זיידעס האבען זיך געשלעפּט א חדש צייט פון איין גובערניע אין דער צווייטער.

— היתכן? וועלען זיך אונזערע אייניקלעך וואונדערען, אז אמאל האט מען געשיקט בריף מיט דער אייזענבאהן, מיט דער שיף און אין טייל ערטער גאר מיט פערד? דאס מוז נישט זיין אמת!

— אמת, אמת — וועט זיי דער אלטער זיידע ענטפערען מיט א קרעכץ.

די ערפינדונג פון טעדזשי בעשטעהט פון איין עלעקטרישע אייזענבאהן, וואס וועט געהן אין דער לופטען, עס פערשטעהט זיך, נישט דער ערד קלענער פון די היינטיגע וואגאנען. די רעלסען, אויף וועלכע די וואגאנען וועלען געהן, וועלען זיין געמאכט פון שטאהל און וועלען ליגען אויף סטאלבעס, וועלכע זענען הויך 15 מעטער, די דאזיגע סטאלבעס וועלען זיין אויסגעשטעלט אין א גלייכע ווייטקייט איינער פון אנדערען אזוי ווי די סטאלבעס פון די היינטיגע טעלע־גראפען.

אט אויף די דאזיגע מינים רעלסען וועלען לויפען מיט א משונה־דיגע געשווינדקייט נישט קיין גרויסע און זעהר לייכטע וואגאנטשיק־

לֶעך, וָואס זֶענֶען גֶעמַאכְט פוּן דֶעם מֶעטַאל „אַליוּמִין״. אִין דִי דָאזִיגֶע קְלַיינֶע וַואגָאנֶען וֶועלֶען לִיגֶען דִי בְּרִיף. דִי וַואגָאנֶען גוּפָא זֶענֶען גֶע־בּוֹיט אִין דִי פָארְמֶע פוּן אַ בְּרִיף־קַאסְטֶען. דִי שְׁטַאלֶענֶע דְרָאטֶען דִיעֶנֶען אַלְס רֶעלְסֶען פַאר דִי וַואגָאנֶען אוּנ טְרָאגֶען אוֹיף אִיבֶּער דִי עֶלֶעקְטְרִישֶׁע קְרַאפְט, וֶועלְכֶע גֶעהְט דוּרְךְ אַ רָאד, וָואס אִיז אָנְגֶעבְּרַאכְט בַּיי יֶעדֶען וַואגָאנְטְשִׁיק אוּנ בְּרֶענְגְט אוֹיף אִין בֶּעוֶועגוּנְג אַ קְלַיינֶעם „מָאטָאר״, וֶועלְ־כֶער אִיז דָא אִין וַואגָאן.

דִי לִינִיֶע פוּן דִי פָּאסְט־וַואגָאנֶען וֶועלֶען זַיין אַיינְגֶעטֵיילְט גְלַייךְ וִוי דִי בַּאהְנְלִינִיֶען אוּנ כְּדֵי עֶס זָאלֶען זִיךְ נִישְׁט צוּזַאמֶענְטְרֶעפֶען צְוַויי פָּאסְט־וַואגָאנֶען. וֶועלֶען זַיין צְוַויי לִינִיֶעס אֵיינֶע פַאר דִי וַואגָאנֶע וָואס גֶעהֶען אַוֶועק אוּנ אַ צְווייטֶע פַאר דִי וַואגָאנֶען וָואס קוּמֶען אָן.

דִי נַייֶע פָּאסְט־וַואגָאנֶען וֶועלֶען גֵעהְן מִיט אַזַא גֶעשְׁוִוינְדִיגְ־קֵייט, אַז קֵיין אוֹיג וֶועט גָאר נִישְׁט קֶענֶען בֶּעמֶערְקֶען אַז עֶס גֶעהְט. אַ בְּרִיף, וָואס גֶעהְט לְמָשָׁל פוּן פֶּעטֶערְסְבּוּרְג קֵיין מָאסְקְוַוא, וֶועט אָנְ־קוּמֶען אִין אַנְדֶערְטְהַאלְבֶּען שָׁעָה.

אַזוֹינֶע בְּרִיף, וָואס וֶוערֶען אִין אַזַא קוּרְצֶע צֵייט אִיבֶּערְגֶעפִיהְרְט פוּן אֵיין שְׁטָאדְט אִין דֶער אַנְדֶערֶער, דַארְפֶען נִישְׁט אוֹיפְגֶעהַאלְטֶען וֶוערֶען גַאנְצֶע שָׁעוֹת אִין פָּאסְט־קַאסְטֶען אוּנ דֶערְנָאךְ וִוידֶער אֵיינִיגֶע שָׁעוֹת בַּיי דֶער עֶקְסְפֶּעדִיצִיֶע. אַזוֹינֶע בְּרִיף מִיזֶען בַּאלְד וִוי זַיי וֶוערֶען אַרַיינְגֶעוָוארְפֶען אִין קֶעסְטֶעל טְרַאנְסְפָּארְטִירְט וֶוערֶען; אַז נִישְׁט טוּט דָאךְ דִי נַייֶע עֶרְפִינְדוּנְג נִישְׁט אַזוֹי פִיעל אוֹיף. אוּנ דֶערְצוּ הָאט אוֹיךְ דֶער אַייגֶענֶער טֶעדְזְשִׁי גֶעפוּנֶען אַ מִיטֶעל. עֶר הָאט עֶרְפוּנְדֶען אַזוֹינֶע עֶקְסְטְרֶע פָּאסְט־קֶעסְטְלֶעךְ, וֶועלְכֶע זֶענֶען צוּגֶעשְׁלָאגֶען צוּ סְטָאלְבֶּעס, וֶועלְכֶע זֶענֶען פֶערְאַיינִיגְט דוּרְךְ עֶלֶעקְטְרִי מִיט דֶער צֶענְטְרַאל־פָּאסְט־סְטַאנְצִיֶע אוּנ דִי בְּרִיף וֶוערֶען בַּאלְד אוֹיף דֶער צֶענְטְרַאל פָּאסְט טְרַאנְסְפָּארְטִירְט, דִי דָאזִיגֶע קֶעסְטְלֶעךְ אַרְבֵּייטֶען נָאךְ אַנַאנְד מִיט אַיין אוֹיטָאמַאטִישֶׁע קְרַאפְט. אִין דֶער אַייגֶענֶער רֶגַע, וָואס מֶען וַוארְפְט אַרַיין דֶעם בְּרִיף אִין דִי דָאזִיגֶע קֶעסְטְלֶעךְ, וֶוערְד דוּרְךְ אַיין אוֹיטָאמַאט אָנְגֶעקְלֶעבְּט אַ מַארְקֶע אוּנ אָבְּגֶעסְטֶעמְפֶּעלְט, אִי דִי דַאטֶע, אִי דֶער נוּמֶער, אִי דֶער נָאמֶען פוּן דֶער שְׁטָאדְט פוּן וֶועלְכֶער דֶער בְּרִיף וֶוערְד גֶעשִׁיקְט אוּנ אוֹיף דִי שָׁעָה אוּנ דִי מִינוּט וֶוען דֶער בְּרִיף אִיז צוּגֶע־נוּמֶען גֶעוָוארֶען.

בַּאלְד וִוי דֶער בְּרִיף וֶוערְד אָבְּגֶעסְטֶעמְפֶּעלְט הֵייבְּט זִיךְ דֶער בְּרִיף, אַלֶע דוּרְךְ אַזַא מַאשִׁינֶע גָאר אוֹיף דֶעם שְׁפִּיץ פוּן דֶעם סְטָאלְבּ אוּנ פוּן דָארְט פַאלְט עֶר אַרַיין אִין אַ קְלַיינֶעם וַואגָאנְדְל, וֶועלְכֶע פְלִיהְט מִיט אִיהְם שְׁנֶעל אַוֶועק צוּ דֶער צֶענְטְרַאל־פָּאסְט, וואו דִי בְּרִיף וֶוערֶען סָארְטִירְט לוֹיט דִי „טְרַאקְטַאטֶען״ אוּנ לִינִיֶעס, וואו זַיי בְּרוֹיכֶען צוּ גֵעהְן אוּנ וֶוערֶען צוּנוֹיפְגֶעבּוּנְדֶען אִין אַ קְלַיין בִּינְטֶעל אוּנ מֶען לֶעגְט עֶס אַרַיין אִין דִי פָּאסְט־וַואגָאנֶען. פַאר יֶעדֶע סָארְט בְּרִיף אִיז דָא אַ בֶּעזוּנְדֶער אָבְּטֵיילוּנְג, אֵיין אָבְּטֵיילוּנְג פַאר בַּאנְדְרָאלֶען, אֵיינֶע פַאר רֶעקָאמַאנְדִירְטֶע בְּרִיף, אֵיינֶע פַאר פָּאסִילְקֶעס א. ז. וו.

אַזוֹינֶע בְּרִיף, וָואס קוּמֶען גֶעשְׁוִוינְד אָן פוּן אֵיין שְׁטָאדְט אִין דֶער אַנְדֶערֶער מִיזֶען אוֹיךְ גֶעשְׁוִוינְד פוּנַאנְדֶערְגֶעטְרָאגֶען אוּנ צֶעטֵיילְט וֶוערֶען אוּנ דֶערִיבֶּער מִיזֶען זַיין אִין יֶעדֶע גְרֶעסֶערֶע שְׁטָאדְט אַ סַך פָּאסְטֶען. אָנְקוּמֶען וֶועלֶען דִי בְּרִיף אִין דֶער צֶענְטְרַאל־פָּאסְט, וואו מֶען וֶועט עֶס בַּאלְד סָארְטִירֶען אוּנ צֶעשִׁיקֶען אַלְץ דוּרְךְ עֶלֶעקְטְרִישֶׁע וַואַ־גָאנֶען אִין דִי קְלֶענֶערֶע פָּאסְטֶען אוּנ דִי בְּרִיפְטְרֶעגֶער וֶועלֶען עֶס בַּאלְד פָאהְרֶענְדִיג אוֹיף וֶועלִיסָאפֶּעדֶען צֶעטֵיילֶען לוֹיט דִי אַדְרֶעסֶען.

דִי עֶרְשְׁטֶע פְּרָאבֶּע וֶועט דֶער עֶרְפִינְדֶער מַאכֶען אוֹיף לָאנְדָאן אוּנ לִיוֶוערְפָּאל.

נִישְׁט אֱמֶת דָאס קוּמְט עֶפִּיס אוֹיס וִוי אַיין אוֹיסְגֶעטְרַאכְטֶע מַעֲשֶׂה, אַ „טוֹיזֶענְד אוּנ אֵיין נַאכְט״, אָמִין „בָּבָא מַעֲשֶׂה״?

נָאר וִויפִיעל זַיינֶע אוּנְגְלִיקְלִיכֶע פַאנְטַאזִיֶעס הָאט שׁוֹין דֶער מֶענְשׁ מִיט זַיין טִיעפֶען שֵׂכֶל אוֹיסְגֶעפִיהְרְט?

נ. ב—א

---

## דָאס לֶעבֶּען זִיךְ נֶעמֶען.

אַ וֶועלְט מִיט מֶענְשֶׁען שְׁטְרֶעבֶּען מִיט אַלֶע כֹּחוֹת צוּם „לֶעבֶּען״ אוּנ אָפְט הֶערֶען מִיר וִוי יוּנְגֶע מֶענְשֶׁען מִיט זֵייעֶר אַייגֶענֶעם וִוילֶען נֶעמֶען זִיךְ דָאס לֶעבֶּען

דֶער גֶעדַאנְק, אַז דָאס „לֶעבֶּען״ קָאן נָאךְ זַיין עֶרְגֶער פַאר דֶעם טוֹיט, אַז דֶער מֶענְשׁ זָאגְט זִיךְ אַלֵיין אָבּ פוּן לֶעבֶּען אוּנ מַאכְט אִיהְם בְּיָדַיִם אַיין עֶנְדֶע, דֶער גֶעדַאנְק אִיז זֵעהר שְׁרֶעקְלִיךְ, זֵעהר טְרוֹיעֶרִיג אוּנ דֶערִיבֶּער דֶערְוֶועקֶען דִי זֶעלְבְּסְט־מָארְדֶען בַּיי דֶעם מֶענְשֶׁען זֵעהר בִּיטֶערֶע גֶעפִיהְלֶען אוּנ אַ צֵייט לַאנְג קָאן מֶען אִין דֶעם נִישְׁט פֶערְגֶע־סֶען. טְרֶעפֶען אָבֶּער אַזוֹינֶע פַאקְטֶען עֶפְטֶערְס—וֶוערְד דֶער מֶענְשׁ דֶערְצוּ גֶעוואהְנְט אוּנ עֶס מַאכְט אוֹיף אִיהְם שׁוֹין נִישְׁט מֶעהר אַזַא שְׁרֶעקְלִיכֶען אַיינְדְרוּק. דִי לֶעצְטֶע צֵייטֶען טְרֶעפֶען זִיךְ זֵעהר אָפְט זֶעלְבְּסְט־מָארְדֶען אוּנ דֶערִיבֶּער אִיז עֶס נִישְׁט מֶעהר אַזוֹי שְׁרֶעקְלִיךְ אוּנ דֶעם עוֹלָם אַרְט עֶס נִישְׁט מֶעהר אַזוֹי שְׁטַארְק.

נָאר אַדְרַבָּא, וַוייל עֶס טְרֶעפְט זִיךְ זֵעהר אָפְט, אִיז כְּדַאי וֶועגֶען דֶעם צוּ רֶעדֶען, צוּ זוּכֶען דִי סִבּוֹת פוּן דֶעם זֶעלְבְּסְט־מָארְד אוּנ דֶענְסְט־מָאל וֶועט לַייכְטֶער זַיין צוּ גֶעפִינֶען מִיטְלֶען גֶעגֶען אִיהְם.

וִוי מִיר הָאבֶּען שׁוֹין אוֹיבֶּען גֶעזָאגְט טְרֶעפֶען זִיךְ דִי לֶעצְטֶע צֵייט, זֵעהר אָפְט זֶעלְבְּסְט־מָארְדֶען. דִי לֶעצְטֶע צֵייט טְרֶעפֶען זִיךְ דִי זֶעלְבְּסְט־מָארְדֶען פִיעל מֶעהר, אָבֶּער גֶעטְרָאפֶען הָאבֶּען זַיי זִיךְ אַלֶע מָאל, אִין אַלֶע צֵייטֶען, אִין אַלֶע לֶענְדֶער אוּנ בַּיי אַלֶע פֶעלְקֶער, אָבֶּער נָאר בַּיי דֶעם מֶענְשֶׁען, נִישְׁט בַּיי אַנְדֶערֶע בְּרוּאִים.

קֵיין חַיָה, קֵיין פִישׁ, קֵיין עוֹף זוּכְט נִישְׁט קֵיין מִיטְלֶען, וִוי לוֹיז צוּ וֶוערֶען פוּן לֶעבֶּען. דִי גֶעלֶערְנְטֶע וַוייזֶען אַפִּילוּ אוֹיף, אַז עֶס הָאט נִישְׁט זֶעלְטֶען פַּאסִירְט, אַז חַיּוֹת נֶעמֶען זִיךְ אַלֵיין דָאס לֶעבֶּען, מֶען קָאן עֶס אָבֶּער נִישְׁט פֶערְגְלַייכֶען צוּ דֶעם זֶעלְבְּסְט־מָארְד פוּן אַ מֶענְשׁ. דֶער מֶענְשׁ בֶּעגֶעהְט אַ זֶעלְבְּסְט־מָארְד מִיט זַיין אַייגֶענֶעם וִוילֶען, מִיט אַיין אִיבֶּערְלֶעגוּנְג אוּנ אוֹיסְרֶעכְנוּנְג. דֶער מֶענְשׁ זֶעהְט זִיךְ אַרוּם, אַז אִיהְם לוֹינְט נִישְׁט מֶעהר צוּ לֶעבֶּען, אַז עֶר הָאט שׁוֹין אוֹיף קֵיין גוּטֶס מֶעהר נִישְׁט צוּ הָאפֶען אוּנ עֶר נֶעמְט זִיךְ דָאס לֶעבֶּען, דִי חַיָה אָבֶּער טוּט עֶס אָהְן אוֹיסְרֶעכְנוּנְג, אָהְן שֵׂכֶל, נָאר לוֹיט אִיהְרֶע נַאטִירְלִיכֶע אִינְ־סְטִינְקְטֶען. אַ שְׁלַאנְג, לְמָשָׁל, וֶועלְכֶע אִיז אַרוּמְגֶעלֶעגְט מִיט הֵייסֶע קוֹילֶען, דְרֵעהְט זִיךְ צוּנוֹיף וִויפִיעל זִי קָאן אוּנ שְׁטֶעכְט דֶערְנָאךְ אַרַיין אִיהְר אַייגֶענֶעם גִיפְט אִין זִיךְ זֶעלְבְּסְט. דִי שְׁלַאנְג הָאט דֶערְבַּיי קֵיין שׁוּם כַּוָונָה נִישְׁט גֶעהַאט, זִי הָאט עֶס נִישְׁט גֶעטָאן מִיט דֶער אוֹיסְרֶעכְנוּנְג כְּדֵי זִיךְ מְקָרֵב צוּ זַיין דֶעם טוֹיט דִי שְׁלַאנְג וָואס אִיז לוֹיט אִיהְר טֶבַע

געוואהנט זיך ארומצודרעהען ארום א בוים, א שטעקען, דרעהט זיך אויף ארום א הייסען אייזען, פון וועלכען זי ווערד פערברענט. די טבע פון דער שלאנג איז זיך ארומצודרעהען און זי טוט עס סיי ארום א בוים סיי ארום א גליהענדיגען אייזען. דאס איינענע איז אויך מיט דער חיה, וועלכע פערבענקט זיך אין מענאזשעריע נאך דעם פרייען וואלד, און הערט אויף צו עסען און טרינקען ביז זי שטארבט. די חיה האט זיך נישט אויסגעקליבען דעם טויט, ווייל זי האט זיך ארומגעזעהען, אז איידער אזא פערשפארט לעבען איז גלייכער דער טויט און כדי עס צו בעקומען האט זי אויפגעהערט עסען, די חיה הערט אויף צו עסען אדער טרינקען פשוט מחמת דעם וואס זי איז קראנק געווארען. ווי עס טרעפט זיך אויך ביי יעדען קראנקען מענשען, אז ער פערלירט דעם אפעטיט: נישט מעהר דער מענש קורירט זיך און ווערד געזונד און די חיה שטארבט. אבער דאס האט נאך קיינמאל נישט פאסירט, אז א לעבעדיג בעשעפעניש, א חוץ דעם מענשען, זאל זיך אליין אנטון א מיתה מיט איין אויסרעכענונג.

נאר דער מענש ווייסט פון זעלבסט-מארד.

נאך אין די פאר־היסטארישע צייטען, ווען די מענשען זענען נאך נאר ווילד געווען, האבען זיי שוין געוואוסט פון זעלבסט-מארד. ביי די ווילדע, וועלכע זענען נאך עד היום דא אין דרום אמעריקא, אפריקא און אויסטראליע בעגעגענט מען אויך זעלבסט-מארדען. עס איז אבער נישט דער סארט זעלבסט-מארד וואס ביי די מעהר ענטוויקעלטע מענשען אין די שפעטערע צייטען. דער ווילדער מענש פערשטעהט זעהר ווייניג דאס גאנצע לעבען, זיין השגה אין דעם לעבען איז זעהר א שוואכע און אקוראט ווי ער לעבט אהן אשום בערעכענונג, אזוי שטארבט ער אהן א שום בערעכענונג. דער ווילדער לעבט און שטארבט לויט די מנהגים פון זיין צייט און זיין לאנד. דער ווילדער מענש פלעגט זיך גאנץ רוהיג אליין נעמען דאס לעבען. ער האט דאס אבער נייסט געטאן ווייל ער האט אויסגערעכענט, אז פאר איהם איז בעסער דער טויט ווי דאס לעבען, על פי רוב טייטען זיך די ווילדע מחמת דעם וואס זייערע מנהגים פאדערען עס. די ווילדע פרויען, למשל, פלעגען זיך זעלבסט טייטען, ווען זייערע מאנען פלעגען שטארבען, ווייל זיי האבען געגלויבט, אז זיי טארען נישט לעבען אהן דעם מאן. די קנעכט פלעגען זיך טייטען אויף די קברים פון זייערע בעלי־הבתים, ווייל זיי האבען אויך גערעכענט, דאס זיי דארפען נאכגעהן נאכ'ן בעל־הבית אפילו נאכ'ן טויט אויך. די אלטע און שוואכע ווילדע פלעגען זיך אויך אליין טייטען, ווייל די יונגע און געזונטע האבען זיי נישט געוואלט שפייזען. אין די שפעטערע צייטען פלעגען זיך די ווילדע טייטען צוליב זייערע געטער. אויף יעדען אופן איז אבער זייער זעלבסט-מארד נישט געווען מחמת שנאה צום לעבען, נאר מחמת דעם וואס זיי האבען געמיינט, אז זיי דארפען שטארבען אזוי ווי דער מנהג פאדערט. על כל פנים האבען די ווילדע פערשטאנען אויסצוניצען מיט דעם אייגענעם רצון פערשידענע מיטלען ווי צו בעגעהן א זעלבסט-מארד.

די צאהל פון די זעלבסט-מארדען איז אבער נישט ווייניגער געווארען אפילו שפעטער ווען די מענשען האבען זיך אנגעהויבען אלץ מעהרער און מעהרער צו ענטוויקלען; אדרבא, זי איז נאך פיעל גרעסער געווארען; נישט מעהר, דער טעם, די סבות פון די זעלבסט-מארדען זענען ביי די אויפגעקלערטע אנדערע. נישט צוליב א מנהג, נישט צוליב א מאן, א בעל־הבית, א יונגערען און א געזונטערען, אפילו נישט צוליב זיין גאט, נעמט זיך דער געבילדעטער מענש דאס לעבען, נאר צוליב זיך אליין, צוליב דעם וואס ער רעכענט, אז דער טויט איז פאר איהם אליין, נישט פאר קיין אנדערען, בעסער ווי דאס לעבען. אויך די סבות וואס ברענגען דעם ציוויליזירטען מענשען צו א זעלבסט־מארד ליגען אין איהם גופא. איהם איז דאס לעבען נמאס געווארען, עס האט איהם געטראפען א צרה, וועלכע ער איז נישט בכח אריבערצוטראגען און ער נעמט זיך דאס לעבען. דער זעלבסט-מארד פון דעם געבילדעטען מענשען וואקסט שוין פון זיין אייגענעם צושטאנד. דער מענש קאן זיינע הצטרכות נישט בעקומען און פאלט מחמת דעם אריין אין א יאוש און אנטלויפט פון לעבען צום טויט.

(פארטזעצונג קומט).

ש. בעלענקי.

## ליטעראטור און קונסט

— א רומענישער יוד ש. נתנאל'עוויטש, האט צוגעשיקט אין יאסי איין אויסגעצייכענט בילד פון עמיל זאלא וועלכע ער האט געמאלט.

— ביי דער הארווארד־אוניווערזיטעט אין ניו־יארק האט מען געעפענט א מוזעאום פון די אנטיקען ביי די סעמיטישע פעלקער בכלל און דער עיקר פון יודישע. דאס דאזיגע מוזעאום איז געבויט אויף די הוצאות פון דעם יודישען ניו־יארקער מיליאנער יעקב שיף, וועלכער האט דערויף געגעבען 100,000 דאלאר.

— די יורשים פון דעם פערשטארבענעם משורר דר' יצחק קאמינער האבען מודיע געווען דעם „אדעסער קאמיטעט פאר פאלעסטינא“, אז דער פערשטארבענער, האט איבערגעלאזען זיינע אלע נאך נישט געדרוקטע כתבים לטובת הועד און האט אויך געלאזען דאס געלד וואס איז נייטיג צום אבדרוקען. אלס רעדאקטארען זענען בעשטימט ה' אחד העם, ראבניצקי און יאנאוו.

— אין פעטערסבורג איז נישט לאנג געווען א בילדער־אויסשטעלונג פון 40 מאלער, צווישען זיי זענען אויך געווען בילדער פון די יודישע מאלער באקסט, פאסטערנאק און נאך אנדערע.

— די חברה „מרבי השכלה“ אין אדעסא וועט די צייטען מאכען איין אויסשטעלונג פון די בילדער און צייכענונגען, וואס זענען געבליבען נאך דעם יודישען מאלער י. לעוויטאן.

---

## וויסענשאפטליכע ידיעות

(פון שלאנגען־לעבען). דער זאאלאג (א געלעהרנטער און פארשער פון אלערליי חיות מיט זייערע נאטורען) ווערנער אויס וויען שרייבט וועגען דאס לעבען פון שלאנגען:

„אז מיר בעטראכטען די ריעזען־שלאנגען — שרייבט דער געלעהרנטער — וועלכע זענען שוין זעהר אלט, בעמערקען מיר נישט ביי זיי קיין שום סימן פון שוואכקייט, וואס קומט מחמת אלטקייט, אפילו דער קאליר פון זייער הויט ווערד קיינמאל נישט אנדעריש און זיי הערען קיינמאל נישט אויף צו וואכסען, זיי לעבען אזוי לאנג ביז עס קומט איימיצער און הרג'עט זיי אוועק.

(א מערקווירדיגע ערשיינונג). די צייטען האט מען אין ריגא בעמערקט אויף דעם הימעל א סארט שטערן, וועלכער האט

זעהר געבלאנקט. דער דאזיגער שטערן האט געהאט א רויטען קאליר אונ די געשטאלט פון א ציגאר. ער האט זיך איינינגע מאל ארומגעדרעהט אונ דערנאך איז ער פערשוואונדען געווארען.

(א מיטעל געגען שווינדזוכט). דער יודישער באקטעראלאג (דאס הייסט א געלעהרנטער אין די קליינע ברואים׳לעך, וועלכע זענען די הויפט־סבות פון דאס רוב קראנקהייטען) אונ בעוואוסטער ציוניסט ד״ר מארמארעק אין פאריז, האט געפונען א מיטעל געגען שווינדזוכט, וועלכע מען שפריצט אריין ביי דעם קראנקען אונטער די הויט. ד״ר מארמארעק האט שוין געמאכט מיט זיין נייעם מיטעל איינינגע פראבען אונ עס איז גוט געראטען.

---

# איין ערקלערונג פונ׳ם ארויסגעבער.

איך האלט עס פאר א פחיתות הכבוד פאר זיך פיעל צו רעדען וועגען דעם שמוציגען פעליעטאן פון הל״ץ אין דעם ״הצופה״. עס איז א געמיינהייט אונ קליינמוט ניט אפען ארויסטרעטען געגען זיינע געגנער, נאר פערשטעקען זיך אין א ווינקעל אונ פון אונטער א מאסקע שיסען פייער־ווערק. אבער איך רעכען, אז מיין רעפוטאציע אלס שרייבער אונ ארויסגעבער קאן ניט ליידען דורך זאלכע קונסט־שטיקלעך. די פירמא פון ״תושיה״ איז אויך גענוג בעקאנט אלס איין ערהליכע אונ רעעלע פירמא, וואס דארף ניט האבען קיין הסכמות פון ה׳ פרץ—הלצ׳ן. איך וויל נאר בעמערקען:

א) איך האב מסכים געווען צו דרוקען ה׳ פרענקס אפענעם בריף אין דער ״פאלקס-צייטונג״, ווייל דאס איז געוועזען דער בעסטער ענפער געגען ה׳ פרצ׳ס בעשולדיגונג, אז ״תושיה״ צאהלט ווייניג האנאראר די שרייבער. א מענש וואס איז געוועזען איין ארויסגעבער נאר מיט אויפגעשנארעטע געלד אונ האט זיינע מיטארבייטער קיין האנאראר ניט בעצאהלט, דארף, לפחות, שווייגען וועגען האנאראר פאר שרייבער.

ב) עס איז געמיין אונטער א מאסקע פון א מוכיח מאהנען פערזענליכע זאכען, וואס האט קיין שייכות ניט מיט ליטעראטור. קוממט עמיצען געלד פון ״תושיה״, קאן ער פערזענליך ביי איהר מאנען. זי עקסיסטירט ב״ה אונ איז גענוג פעראנטווארטליך. די מעשה איז אבער גאנץ אנדערש. אין די ״כתבים״, וואס זענען ביז יעצט געדרוקט אין דער ״ביבליותיקה עברית״ פון ה׳ פרצ׳ן, זענען אריין נאר געדרוקטע זאכען אין העברעאיש אדער זשארגאן (וואס זענען דורך איין אנדערען איבערזעצט געווארען) אונ דערפאר האט ״תושיה״ כשר אונ ערהליך ה׳ פרצ׳ן בעצאהלט, לויט דער אבמאכונג, ניט ווייניגער ווי זי האט גערעכענט די בעסטע שרייבער פון דער ביבליותיקה (דערויף זענען עדות אלע מיטארבייטער פון דער ״ביבליותיקה״ אונ די נאטאריאלע ביכער פון געשעפט). בעצאהלט האט ״תושיה״ פאראויס אונ יעצט קוממט נאך א פאר הונדערט רובל פון איהם, וואס איז גענומען געווארען אלס אוואנס, דערונטער אויך 100 רובל, פאר א ספר, וואס ער האט געזאלט שרייבען שוין א פאר יאהר פאר ״תושיה״ אונ האט נאך ביז היינט ניט געשריבען.

ג) דער כעס פון ה׳ פרצ׳ענס פאר חסידים, וואס מען האט געדרוקט ה׳ פרענקס אפענעם בריף, איז מיר אונפערשטענדליך. קיינער איז ניט פעראנטווארטליך פאר א בעשולדיגונג איין אפענע, וואס איז אונטערשריבען אונ וואס איז נוגע א כלל־זאך: די ליטעראריש שנארעריי פון געוויסע שרייבער, וואס האט זיך אין די לעצטע יאהרען ביי אונז פערברייטעט. אזעלכע זאכען ווערען שטענדיג בעהאנדעלט נאר אין דער פרעסע, אונ קיינעם פאלט ניט איין צו זעהען אין דעם איין עולה. איז די בעשולדיגונג פאלש, קאן מען דאך ערווידערען אונ בעווייזען איהר ניט־וואהרהייט. קאן מען ווידער דאס ניט טון, דארף מען אין כעס ניט זיין. אז אין פאריגען יאהר האט דער מאלער אונ סקולפטאר מאקס קלינגער בעשולדיגט אפען אין דער פרעסע דעם בעריהמטען סקולפטאר נ. גיינער, אז ער האט צוגענומען פאר זיך דאס געלד פון דער פרוי מאיר, וואס איז געוועזען בעשטימט פאר אלגעמיינע קונסט־צוועקע, האט קיינער ניט געזאגט, אז דאס איז איין עולה. אזעלכע זאכען וואס איז נוגע דעם כלל זאל מען עפענטליך בעהאנדלען. איבערהויפט פערשטעה איך ניט דעם רביאיזם אדער די גוט־יודישקייט אונ דעם חסידיזם אין דער ליטעראטור. מעג איינער טאלאנט האבען. דארף ער נאך אימער קיין רבי ניט ווערען. יעדער איז אונטערווארפען דער קריטיק.

ד) הלצ׳ס ווינק אויף דער ״וועלט״ איז געמיין. ״תושיה״ האט ביי קיינעם קיין גראשען ניט פערנומען, אויך ניט ביי דער ״וועלט״. עס איז נאר געוועזען דיפערענצען אין די רעכנונגען מיט דער ״וועלט״ איבער דעם פרייז פון מודעות אונ איבער דעם וואס ״תושיה״ האט פערלאנגט זי זאל קענען ביים אויפהערען פון דער זשארגאן־״וועלט״ אבצאהלען די אבאנענטען זייער געלד צוריק אונ ניט זיי זאלען געדעקט ווערען מיט דער דייטשער ״וועלט״. דאס קענען בעשטעטיגען ה׳ פעלדשטיין אונ ה׳ יאסעלעוו פון ווארשא, וואס האבען אונטערזוכט די דיפערענץ־רעכנונגען.

ה) לעכערליך גענוג איז דער שימפנאמען ״קבצן״ הערענדיג עס פון הלצ׳ען. ״קבצן״ הייסט שנארער. א שנארער, איז נאר דער וואס דרוקט אלע זיינע אויסגאבען, זיינע ״ביבליאטהעקען״, זיינע ״בלעטלעך״ מיט אויסגעשנארעט געלד, וואס הערט נאך עד היום ניט אויף צו שנארען אויף נייע אויסגאבען, דער וואס זשענירט זיך ניט אויך אויף צו שנארען ארטיקלען ביי ארימע שרייבער אונ צו דרוקען, אבער ניט דער, וואס האט קיינעמס הילף ניט געברויכט, אונ נאר מיט אייגענע מיה אונ ארבייט זיך זיין וועג אויסגעטרעטען, דער וואס האט זיך א פרינציפ געמאכט, קיין אומזוסטע ציילע ניט צו דרוקען, וואס האט שוין פיעל צעהנדליגע טויזענדער רובל שרייבער אויסגעצאהלט.

ו) לעכערליך איז פארצוווארפען א הערויסגעבער, אז אנדערע ארבייטען פאר איהם. דאס קאן מען דאך פארווארפען אויך יעדען צייטונגס-הערויסגעבער אונ רעדאקטאר. ווען איך שרייב אליין ניט, זעה איך דערפאר אנדערע זאלען שרייבען. דין וחשבון אבגעבען, פאר וואס איך שרייב איצט ניט, בין איך ניט מחויב. איבריגענס קאן מען נאר קריטיזירען וואס איינער שרייבט, אבער ניט דאס וואס מען שרייבט ניט. איך גלויב, אז אין די 25 יאהר ליטערארישע ארבייט, וואס ה׳ פרץ האט ניט לאנג געפייערט, איז געוועזען א ודאי א יאהר 10 אדער מעהר, וואס ער האט געשריבען ניט ווערקע נאר ״פראשעניעס״, אונ קיינער ווארפט עס איהם גישט פאר. מיינע הערויסגעבערשע

טעטיגקייט איז אפשר אזוי וויכטיג ווי פרצ'ענס פראשעניעס שרייבען. ערגער איז אבער, אז מען שרייבט און מען שרייבט ניט עהרליך, אז צוליב פערזענליכע חשבונות קאן מען שרייבען געמיינ־הייטען, אז מען האט ניט קיין פעסטע איבערציינונג, אז מען דיענט אין איין צייט 2 געטער, אז מען שרייבט פאר אנטינאציאנאליסטען און פאר ציוניסטען, אז מען פרעגט גאר ניט וועגען דער ריכטונג פון דעם בלאט, וואו מען לאדעט איין מיטצוארבייטען און די איינציגע ריכטשנור איז נאר די קאפיקע, אז מען פארשטעהט מיט אלע קונסט־שטיקלעך זיך רעקלאמע צו מאכען און חסידים צו ערווערבען, אז אין די אויגען איז מען מיט אלעמען פריינדליך און ליבליך און אונטער די אויגען מאכט מען פון אלעמען א תל, פון די בעסטע „גוטע פריינד".

ז) דום איז צו זאגען אז מיך פערדריסט ווען אנדערע שריי־בען, ווען מיין הויפט־טעטיגקייט בעשטעהט אין דעם אנרעגען אנדערע זיי זאלען שרייבען. עדות קענען זיין די אלי״ז גייע טאלענטען, וואס „תושיה" האט ארויסגערופען, די פיעלע ליטעראַרישע ארבייטען, וואס זענען געשאפען געווארען דורך די הילפע פון „תושיה".

ח) איבריג איז זיך צו פערענטפערן אויף דעם וואס איך האב אמאל קיין געלד ניט געהאט — אבער קיינעמס ניט פערנומען — אדער וואס איך בין אמאל געוועזען א בחור און נאכדעם חתונה געהאט. גייע מיני חטאים!

יא, עס איז גאנץ שען ווען מאן האט טאלענט צום שרייבען — אבער דערצו דארף מאן נאך אויך עהרליך און אויפריכטיג זיין.

ל. שאלקאוויטש.

---

# א מעשה פון דריי גבירים.

אין „הצופה" האט ה הל״ץ דערצעהלט א מעשה פון דריי קבצנים און איך וויל אייך דערצעהלען א מעשה פון דריי גבירים. דער חילוק צווישען די צוויי מעשות וועט נאר זיין אין דעם, וואס ה' הל״ץ האט געשריבען זיין מעשה מיט א סך פינטעלעך און איך וועל שרייבען מיין מעשה אהן פינטעלעך.

נאר דערווייל ווילען מיר אוועקשטעלען די מעשה מיט די דריי גבירים אין א זייט און אנהייבען דערצעהלען ווי און ווי אזוי זענען ביידע מעשות בעשאפען געווארען.

ווי אונזערע לעזער ווייסען שוין איז די צייטונג „הצופה" גע־גרינדעט געווארען אויף פרעמד צוגענומען געלד, וועלכע מען האט נאך עד היום ניט אבגעגעבען קיין איינציגע קאפיקע.

אט אין דער צייטונג האט ה' פרץ געפונען איין ארט פלוצים פון דער העלער הויט אנפאלען אויף „תושיה", וואס צאהלט ווינציג די שרייבער.

ה' שאלקאוויטש, וואס איז איין אייגענטימער פון „תושיה", הייסט עס, האט בעקומען געזודעלט פון דער צייטונג, וועלכע איז געגרינדעט פון דעם געלד, וואס ער האט געשאפען.

וואס פאר א טייטש עס האט אזא אויפפיהרונג פון ה' פרצ'ען, אויף מענשען־לשון קאן זיך יעדער ערקלערען.

אי צוגענומען געלד און נאך יענעם אנזודלען. דאס איז פון די עולות וואס האבען קיין ווערטער ניט.

פונדעסטוועגען ווען ה' פרענק האט געבראכט זיין ארטיקעל, וואו ער דערווייזט, אז ה' פרץ האט צוגענומען קהל'שע געלד און האט זיינע מיטארבייטער גאר ניט בעצאהלט און ה' שאלקאוויטש אלס הערויסגעבער פון „פאלקסצייטונג" האט פערלאנגט מען זאל עס דרוקען, ווייל דער בריף איז אונטערגעשריבען מיט דעם גאנצען נאמען, האב איך געזאגט, אז איך בין פאר ה' פרענק'ס בריף ניט פעראנטווארטליך.

זייענדיג ווייט פון מחלוקות, האב איך פונדעסטוועגען ה' פרצ'ען מודיע געוועזען דורך זיינעם א גוטען פריינד, אז ה' פרענק'ס ארטיקעל דרוקט זיך געגען מיין ווילען.

ווען ה' פרענק'ס ארטיקעל האט זיך אבגעדרוקט, האב איך בעקומען א בריף פון ה' פרצ'ענס גוטען פריינד, וואו ער פרעגט ביי מיר, צי וועל איך אננעמען איין ענטפער אויף ה' פרענק'ס בריף. און איך האב די מינוט געענטפערט בזה הלשון: „מיט דעם גרעסטען פערגניגען וויל איך דרוקען איין ענטפער, ווייל די „יודישע פאלקסצייטונג" געהער צו יעדען, וואס וויל אפען ארויסזאגען זיין מיינונג".

אויף דעם דריטען טאג נאך דעם, ברענגט מען מיר איין ענטפער אויף פרענקס בריף, וואו מען בעליידיגט מיך אויך אין איין ווענס און מען פערלאנגט איך זאל עס דרוקען.

און איך האב געענטפערט, אז איך פון מיין זייט קאן עס דרוקען.

אי מען ריהרט אן מיין כבוד, זאל מיינס איבערגעהן צוליב שלום.

איך פרעג: וואס נאך האב איך געקאנט טון, איך זאל ניט דערלאזען צו קיין מחלוקת?

נאר וואס טוט ה' פרץ? קיין בריף, קיין ענטפער, וואס זאל אבלייקענען אלעם וואס ה' פרענק בעשולדיגט ה' פרצ'ן, בעקום איך ניט. דערויף ווייזט אויס האט ה' פרץ קיין מוט ניט אדער ער קא ניט, נאר עס דרוקט זיך אב אין „הצופה" א פעליעטאן אונטער־געשריבען פון הל״ץ פול מיט פינטעלעך און מיט ווינקען און ווארפט אויס פאר א שאנדע, וואס שאלקאוויטש, איך און פרענק זענען דריי קבצנים, אויסער דעם ווארפט ער מיר אויס, אז איך פארב זיך די באָרד ווייטער אז איך בעגניג זיך מיט ווינציג, אז איך גיב אויס סודות (וועלכע זאגט ער ניט, נאר פינטעלעך און פינטעלעך), אז איך געה איבער אויף איין ארט, וואו איך געפין פאר מיר בעסער (אויך א זינד). אויף ה' שאלקאוויטש, זאגט ה' פרץ, אז ער פערגינט ניט וואס דער צווייטער קאן שרייבען (און פון דעסטוועגען צאהלט ער מיט טוי־זענטער רובל פאר די צווייטע וואס שרייבען יא). ה' פרענקען זודעלט ער פראסט ווי א מארק־יודענע, אז איך וויל עס מיט מיינע ווערטער ניט איבערזאגען.

און אין דעם גאנצען פעליעטאן איז קיין איין־אונ־איינציג ווארט ניט דא אבצולייקענען, אז ביי ה' פרצ'ן איז ניט געבליבען קהל'שע געלד, ווי ה' פרענק בע־שולדיגט איהם אין זיין בריף.

איצטער, ליבע און טייערע לעזער און לעזערינען, וועלען מיר

אפגעקווארפען מיין באַרד און זיך אומקעהרען צום אנהויב פון אונזער מעשה מיט די דריי גבירים.

דער ערשטער גביר איז דער בעשטעטיגטער רעדאקטאר און הערויסגעבער פון „הצופה"... דער צווייטער גביר.... נאר וועגען דעם צווייטען גביר ערלויבט מיר איין־איינציגס מאל אויך שטעלען פינטע־לעך... דער דריטער גביר איז ה' פרץ....

נאר איך פרעג אייך ווי קאן מען אויפווארפען פאר א בזיון יודישע שרייבער און הערויסגעבער מיט קבצנ'עשאפט? ווער ווייסט דען ניט, אז יודישע שרייבער און הערויסגעבער זענען ניט קיין גבירים?.

ה' פרץ איז זעלבסט מיט 12 יאהר צוריק געקומען קיין ווארשא ווי מען זאגט אהן שטיוועל און מיר אליין איז אויסגעקומען זוכען פאר איהם א שטעלע אלס איבערשרייבער ביי איין אדוואקאט, צום בע־רויערען איז עס מיר דענסטמאל ניט געראטען און עס איז דער פא־דער נאך געראטען — אויב איך האב קיין טעות — דעם רעדאקטאר פון „הצפירה" ה' סאקאלאווען צו געפינען פאר ה' פרצ'ען א שטעלע. אלס גביר האט זיך פון דעסטוועגען ה' פרץ אנגעהויבען צו רעכענען פון דער צייט זייט ער האט פארנעמען די שטעלע או. דער רעדאק־ציע פון „יוד", פון וועלכע איך האב זיך אבגעזאגט. ביז דעסטמאל האט ה' פרץ פאר זיינע אויגען קיין מאל ניט געזעהען אזא געהאלט פאר שרייבען אין א צייטונג. נאך א גרעסערער גביר איז ער געווארען זינט דער „הצופה" האט אנגעהויבען ארויסגעהן.

און נאר א „וויסקאטשקע", א קבצנישע נשמה, קאן זיך ערלויבען אויסווארפען יענעם, אז מען איז קבצנים.

ה' הל"ץ ווארפט מיר אויך פאר, אז איך בין איבערגעגאנגען פון „יוד" אין „פאלקס־צייטונג". יעדער ווייסט, יעדער האט זיך דער נאך איבערצייגט, אז איך בין איבערגאנגען ניט צו ליב מאטעריעלישע זאכען, נאר מיין גאנץ לעבען האב איך זיך געוואונשען זעהען א צייטונג וואס זאל זיין נאר פאר דעם פאלק און מען זאל אין איהר שרייבען אהן פינטעלעך, אז דאס פאלק זאל פערשטעהן וואס עס לייענט.

זעהט איהר, ווען עס ואט זיך געגרינדעט די „יודישע פאלקס־צייטונג" האט ער זיך שוין, „בעדונגען" מיט איינעם פון די ארויס־געבער, ער זאל מיט ארבייטען אין „פאלקסצייטונג", נאר באלד איז געקומען „דער יוד" און האט איהם „נאבאוועט" עטליכע רובל און ער איז געבליבען ביים „יוד" און טאקי אין זיין ערשטען „רעבאט" אין „יוד" שוין באלד מיך אבגעזודעלט, אויף וועלכע זודלעריי איך האב עד היום ניט געענטפערט. נאר באלד ווי דער „יוד" האט זיך פארמאכט אט ה' פרץ געשיקט צו איינעם פון די א רויסגעבער פאר־לעגען א „פראיעקט", אז ער זאל אנהייבען מיט ארבייטען אין „פאלקס־צייטונג", נאר דער ארויסגעבער האט אבגעזאגט פרצענ'ס פראיעקט.

ה' הל"ץ רופט אונז אן „בעטלער", ווען ה' פרץ האט קיין איינציג ווערק ניט ארויסגעגעבען אהן בעטלעריי און פערשידענע „קול־קעס". דעמאלט האט ה' שאלקאוויטש און איך שטענדיג אלעס ארויסגעגעבען אויף אייגענעם חשבון און ריזיקע. ניט איין מאל האב איך מיין גאנץ פערמעגען פארלארען און אומגליקליך געווארען איבער איין אויסגאבע מיט וועלכע איך האב ניט געטראפען און ה' פרץ, וואס האט מיט קיין איינציגע פון אלע זיינע אויסגאבע'ן ניט געטראפען, האט קיין מאל גאר ניט אנגעוואהרען, קיין מאל קיין גראשען פערלארען און קיין ריזיקע געהאט.

אט אין דעם שטעקט דער שכל פון דרוקען א״סגאבען דורך קולקעס, און חברות.

ה' שאלקאוויטש און איך האבען אייך קיין איינציג י זאך ניט געדרוקט מיט צונויפגעבעטעלטע געלדער, ווי ה' פרץ האט שטענדיג געטאן און דאס איז שוין בעוואוסט יעדען אהן ה' פרענקס בריף.

ה' הל"ץ זאגט, אז איך טו גאר ניט, איך געה ארום ליידיג און די ארויסגעבער צאהלען מיר אומזוסט געלד. פריהער האט ה' פרץ געזאגט אז יודישע פערלעגער צאהלען ווינציג געלד די שרייבער און איצטער זאגט ער. אז יודישע פערלעגער צאהלען מיר אומזוסט געלד. איך מיין, אז קיינער וועט ניט גלויבען, אז יודישע פערלעגער זענען אזוינע נאראנים, וואס זאלען מיר אומזוסט צאהלען געלד. פערקעהרט דאס איז מיין שטענדיגער שטאלץ, אז די גאנצע 20 יאהר זייט איך שרייב האב איך נאך קיין איינציגע שורה אומזוסט ניט געשריבען. צו־ריק מיט 20 יאהר. ווען מען האט קיין איינציגען יודישען שרייבער ניט געצאהלט האט מען מיר געצאהלט אזא פרייז, וואס נאך היינט צאהלט מען ניט יעדען שרייבער אזוי.

אלע יודישע ארויסגעבער און „אחיאסף" האבען מיר געצאהלט פאר מיין שרייבען אזוינע פרייזען, וואס ניט פיעל יודישע שרייבער מיט פרצ'ן צוזאמען קענען זיך מיט אזא פרייז בעריהמ'ן.

און עס וויל זיך מיר גלויבען, אז אלע יודישע ארויסגעבער צוזאמען מיט „אחיאסף" און „פאלקסבילדונג" האבען דאס געטאן ניט גלאט אזוי פון גוטסקייט און זענען ניט אזוינע נאראנים. זיי זאלען שענקען מיר געלד, מסתמא לוינט זיי, מסתמא האבען זיי דערביי א געוויסע רעכנונג.

וועגען ה פרענקען, וועלכען ה' הל"ץ זודעלט, האב איך צו בע־מערקען, אז ער איז ניט קיין יוד פון נאס, עס איז כמעט ניט דא קיין העברעאישע און יודישע צייטונג אדער זשורנאל, וואו ה' פרענק זאל ניט האבען דארט מעהר אדער ווייניגער געשריבען.

איך זאג נאך אמאל, אז ה' פרענקס בריף אין „פאלקס־צייטונג" איז געדרוקט געגען מיין ווילען, נאר א פערדיענסט האט ה' פרענק, וואס ער איז אין זיין בריף אונטער געשריבען מיט דעם גאנצען נאמען, הייסט דאס, אז ער איז אומעטום גרייט צו דערווייזען אפען די אלע זאכען, אין וועלכע ער בעשולדיגט ה' פרצ'ן און ה' פרץ בעהאלט זיך און קומט אב מיט פינטעלעך, און ווינקען.

ניט מיט קיין פינטעלעך ניט מיט מיין באַרד, משטיינס געזאגט און ניט מיט חתימות פון פרצענ'ס א פאר גוטע פריינד קאן מען אפליי־קענען ה' פרענקס בריף. ניט קיין הסכמות קאן דא העלפען. איהר ווייסט דאך פון דעם יודישען שפריכווארט „אז א מויד מיט א כתב פון עטליכע רבנים שאדט אויך צו א שידוך".

אליין דארף, נאך מיין מיינונג, ה פרץ אבלייקענען ה' פרענקס בריף און איך וועל זיך אמת פרייען, ווען דענסטמאל וועט ה' פרענקס בריף, ווערען בטל ומבוטל.

נאר טאמער איז ה' פרצ'ן ליבער ווייטער אויך צו דערצעהלען מעשות, ווי זיין שטייגער איז, מיט פינטעלעך און אויסטראכטען שקרים

וכזבים אויף מיר: דענסטמאל וועט א ה', ווילענדיג ניט ווילענדיג, מיזען אויך דערצעהלען מעשות און ווי מיין שטיינער איז, אהן פינטעלעך.

צום סוף מוז איך נאך זאגען וועגען די נארישקייטען און פלאפלעריי, וואס ה' הל"ץ האט א געפלאפּלט אין זיין פעליעטאן נעגען מיר. למשל ער זאגט, אז איך בין א פוילער, איך שלאף און פאפראווע זיך ב"ה אין געזונט. אויסער דעם האט זיך ה' פרץ דערמאנט אין אותות ומופתים, וואס איך האב געשריבען ניט מעהר ניט ווייניגער ווי צוריק מיט 20 יאהר. פאר וואס האט ה' פרץ ניט געזוכט אין מיין לעבען צוריק מיט 40 יאהר, ווען איך בין נאך אין וויגעלע געלעגען...

וואס קאן איך דערויף ענטפערען? וואס קאן איך ענטפערען אויף די ארים בחור'שע חכמות מיט מיין באהד, און נאך פיעל אזוינע אנ־טיקען, וואס מען שעמט זיך ניט צו דריקען און א צייטונג פון א בע־שטעטיגטען רעדאקטאר.

איין זאך קאן איך נאר זאגען, צי בין איך פויל, צי שלאף איך, צי פאפראווע איך זיך אין געזונט, נאר איין זאך זעה איך יא, אז ה' פרץ איז געביך אויף דער עלטער ניט געזונט, דאס זעה איך צווישען יעדער שורה, צווישען אלע פינטעלעך אין דעם פעליעטאן, און עס שוט פראסט ווען דאס הארץ צוזעהענדיג, וואס נאך ניט אזא אלטער מאן הייבט שוין אן איבערצוגעהן אין די קינדער־יאהרען...

קענענדיג ה' פרצ'ן, קאן איך זיך אנדערש נישט פארשטעלען, דאס אלעס וואס איך האב געפונען אין זיין פעליעטאן.

א רחמנות נעביך, נאך גאר ניט אזא אלטער יוד...

מ. ספעקטאר.

עיקר שכחתי. ה' הל"ץ זאגט, אז מען ווייסט ניט וויפיעל יאהרען איך בין אלט. וועגען מיינע יאהר קאן ער זיך ריכטיג דערוויסען אין „ספר זכרון" (פערלאג נ. סאקאלאוו ווארשא תרמ"ט) און פון נאך אנדערע קוועלען.

זעהט איהר, ווען פרץ האט געוואלט פייערען זיין יובילֵיי און האט געוואלט אין איין טאג אלט ווערען 50 יאהר און אין דעם זעל־בען טאג אויף 25 יאהר זייט ער שרייבט, האט ער אין ערגיץ ניט נאכ־געקוקט און ער איז אזוי פיעל יאהרען אלט געווארען ווי עס פאסט פאר א יובילֵיי.

## דער פראצעס וועגען דער צייטונג „הצופה".

(ענ־ע).

דער אדוואקאט פון די קלעגער בעווייזט פערקערט וועגען דער עצם זאך און ערקלערט, אז די בעהויפטונג, אז דער קאנטראקט וואס איז געמאכט געווארען דעם 1־טען אויגוסט 1902 פערדעקט אין זיך נאר א הלואה, אדער אז ער האט ניט געזעצליכע אורזאכען, אדער אז ער איז געגען די גוטע זיטליכקייט, ווערד אבגעלייקענט דורך דעם אינהאלט פון דעם קאנטראקט אליין. — נאך דעם זין פון קאנטראקט איז ניט הורוויץ אדער שאלקאוויטש, נאר פרידמאן האט זיך געזיכערט גרויסע נוצען. שאלקאוויטש, ניט פרידמאן, האט געדארפט פיהרען די רעדאקציע (§ 3), פרידמאן איז פערפליכטעט נאר אין זיינע פרייע צייטען אנטייל צו נעמען אין דער פיהרונג פון דער זאכע (§ 4). שאלקאוויטש (§ 5) האט געדארפט פיהרען דעם ליטעראַרישען טייל.

נאך דעם § 9 האט פרידמאן זאגאר אויס גערעדט, געגען דעם געזעץ, אז אין היזק דארף ער קיין אנטייל ניט נעמען. נאך דעם § 11 דארף־פען פרידמאן און שאלקאוויטש אין א משך פון די ערשטע 2 יאהר ארויסנעמען צו הונדערט רובל אמאנאט, אבער הורוויץ נאר אין דעם דריטען יאהר, ווען עס וועט זיין פערדיענסט, דארף בעקומען 20% פון פערדיענסט אויף דער רעכנונג פון זיין קאפיטאל און די אוואנסען א. ז. וו. דערפון זעהען מיר, אז נאך דעם קאנטראקט האט פרידמאן ערהאלטען בעזונדערע רעכטע, און זאגאר פאר זיין ניט ארבייטען דארף ער בעקומען געלד, אין דער צייט ווען שאלקאוויטש האט גע־דארפט ארבייטען, און הורוויץ — געבען אהיבשען קאפיטאל. דעריבער קאן פרידמאן ניט אבלייקענען די בעדייטונג פון אזא קאנטראקט. דער קאנטראקט איז ניט געשלאסען אויף אייביג. די צייט איז אין איהם בעשטימט אין דעם § 13, און וועגען די מיטאייגענטהום פון דעם ערלויבניש ווערד געזאגט, אז עס געהערט די שותפים אויף לע־בענס-דויער און געהט איבער בירושה (§ 1). איבעריגענס, לויט דעם געזעץ (1869 און 1870 סט. פון דעם בירגער־קאדעקס) ווערען פאר־געזעהן צופעלע, ווען קאנטראקטען ווערען געמאכט אויף אונבע־שטימטע צייטען, און דער געזעץ אליין. ערקלערט די פראגע וועגען אויפלעזונג פון געזעלשאפטען. מיט צייגניסע פון עדות קאן מען ניט אבלייקענען דעם קלארען זין פון די פונקטען פון קאנטראקט.

און וואס איז נוגע צו דער סומא פון דער פאדערונג, איז אהן צווייפעל רעכענט זי זיך ווי מען פאדערט פון פרידמאנען, ווייל ער האט ניט ערפילט די פונקטען פון קאנטראקט און האט זיך ענטזאגט פון איהם אהן יעדע אורזאכע. מען דארף דא בעמערקען, ערשטענס, אין דער בעמערקונג פון קאנטראקט איז געזאגט: „אויסער די פעראנט־ווארטליכקייט פאר דעם גאנצען קאנטראקט", די ווערטער האבען אגעוויסע בעדייטונג, די פעראנטווארטליכקייט צו ערפילען דעם גאנצען קאנטראקט; צווייטענס איז אויך בעשטימט געווארען א שטראפע פאר הורוויצען, פאלס ער וועט זיך ענטזאגען, די צווייטע שטראפע איז בעשטימט געווארען פאר פרידמאנען אדער שאלקאוויטשען פאלס זיי וועלען ניט היטען דעם קאנטראקט. די ערשטע שטראפע איז בע־שטימט מיט דער סומא פון 2500 רובל, דאן וואלטען דאך פרידמאן און שאלקאוויטש בלייבען ביי דער ערלויבניש. די צווייטע אבער איז בעשטימט פאר פרידמאן מיט דער סומא פון 5000 רובל, וואס דערביי זעהט מען קלאר, אז פרידמאן דארף אומקערען 2500 רובל הורוויצען, וואס זענען פון איהם געגעבען געווארען אויף די הוצאות פון דער זאך, און וואס געפינען זיך שוין אין געשעפט, וואס זענען שוין אויסגעגעבען געווארען אויף דעם צוועק. דען ווען מען זאל אנדערש דייטען, דארף דאך פרידמאן נאר געבען 2500 רובל שטראפע, האבענדיג אין געשעפט 2500 רובל הורוויצעס. דאס איז נאך ריכטיגער, ווען מען זאל בעדענקען, אז ווען שאלקאוויטש, וואלט, צום ביי שפיל, ניט געהאלטען דעם קאנטראקט, וואלט ער דאך דארפען בעצאהלען שטראף 5000 רובל, און פרידמאן און הורוויץ וואלטען בלייבען ביים געשעפט, אין וועלכען עס וואלט געוועזען די סומא 2500 רובל. ווייזט דאך אויס קלאר, אז פרידמאן איז פערפליכטעט צו בעצאהלען 5000 רובל שטראף, און אומקערען הורוויצען 2500 רובל. און אום די ערקלערונג ווי די צדדים האבען

פערשטאנען דעם זין פון דעם פונקט. איז ער אויך געשטיצט אויף די צייגניש פון דעם עדות דוד קליאצקא, וועלכער האט געשריבען דעם קאנטראקט.

נאכדעם האט דאס געריכט אין בעראטהונגס־צימער בעשלאסען די רעזאלוציע, וועלכע דער פרעדסעדאטעל האט אנגעקינדיגט עפענטליך, בעשטימענדיג, מיט צו טיילען דעם בעשלוס אין איין אויסגעארבייטעטע פארם דעם 1־טען פעברואר 1903.

אונטערשריבען פון ק. יאסינסקי, ט. קאוואלסקי, מ. באראנאוויץ.

---

## אורטייל פון האנדעלס־געריכט.

דורכקוקענדיג די דיעלא און אויסהערענדיג די ערקלערונגען פון די ביידע צדדים, געפינט דער סוד, אז דער קאנטראקט, וואס איז בייגעלעגט צו דער דיעלא, איז א קאנטראקט פון א געזעלשאפט; דער קונטראקט ענטהאלט אין זיך אלע פונקטען און בעדינגונגען וואס פאדערט דאס געזעץ (1832 סט. און ווייטער), און אין דעם קאנטראקט איז ניטא קיין פונקט, וואס זאל זיין געגען מאראל אדער וואס זאל שטרעבען צו א ציעל וואס איז געגען געזעץ. דער סוד האט ניט נייטיג אלזא אויסצוהערען עדות וועגען דער דיעלא. דער סוד קאן בשום אופן ניט אננעמען דעם קאנטראקט אלס א קאנטראקט פון א הלואה *). נאך מעהר איז וואונדערליך די פערטיידיגונג פון דעם אנגעקלאגטען פרידמאנען אויף אזא אופן, וועהרענד פון אלע אנטיילנעמער אין דעם געשעפט איז ער געשטעלט געווארען אין דער בעסטער לאגע ער דארף אין געשעפט גאר ניט אריינגעבען, אויסער די ערלויבניש אויף דער אויסגאבע, וועלכע זאגאר די השתדלות איהר צו בעקומען אויף זיין נאמען, פערשאפט איהם ניט קיין מיהע: דאס געלד דארויף גיבט הורוויץ. אין די ליטעראטורגע און אדמיניסטראטיווע אבטיילונגען נעמט פרידמאן אנטייל ווען איהם איז פאסענד און פונדעסטוועגען בעקומט ער פענסיע און אנטייל אין פערדינסט, אלעס איז פאר פרידמאנען לטובה, עס איז זאגאר אויסגערעדט, אז אין שאדען בעטייליגט ער זיך גאר ניט. די גאנצע לאסט פון דער אונטערנעהמונג און דער גרויסער ריסק בערך (15000) ליגט אויף הורוויץ'ען און אויך אויף שאלקאוויטשען, וואס איז פערפליכטעט אהן אויפהער צו ארבייטען און זיך בעשעפטיגען מיט דער אויסגאבע פון דער גאזעטע. אויף אזא אופן איז די טענה פון פרידמאנען, אז עס איז איין הלואה פון הורוויצען און שאלקאוויטשען, צייגט זיך צום וועניגסטען א פוסטע פראזע. די אנטיילנעמער פון קאנטראקט לויט דער סט. 1134 זענען פערפליכטעט צו ערפילען אלע זייגע פונקטען. אהן א צווייפעל צייגט זיך ארויס, אז פרידמאן האט די פליכט פון קאנטראקט וועגען איבערגאבע פון דער ערלויבניש, וואס ער האט בעקומען אויף ארויס צו געבען די גאזעטע, ניט ערפילט פאר די קלעגער. אויף אזא אופן קומט אויס, אז דער קאנטראקט איז לויט דער 1184 סט. ווערד אנערקענט אלס געבראכען דורך פרידמאנס שולד. די קלעגער האבען אלזא דאס רעכט לויט דעם זעלבען סט. צו פאדערען פערגיטיגונג פאר דעם שאדען און די היזיקות. לויט די פיעלמאליגע ערקלערונגען פון סענאט ענטהאלט די פערגיטיגונג פאר שאדען און היזיקות: 1) בעלוינונג פאר דעם וואס די קלעגער האבען באמת אין דער זאך אריינגעגעבען. 2) בעלוינונג פאר די צוקינפטיגע פערדינסטען, וואס די קלעגער ווערען בערויבט דורך די ברעכונג פון קאנטראקט. פרידמאנען איז געגעבען געווארען א טערמין צו ערפילען דעם קאנטראקט, לויט ווי מען זעהט פון די צוויי זאיאוולעניעס וואס זענען בייגעלעגט צו דער דיעלא. דעריבער האבען די קלעגער דאס רעכט צו בעקומען די בעלוינונג פאר דעם שאדען און היזיקות לויט 1146 סט. פון דעם בירגערליכען קאדעקס. אהן א שום ספק זעהט מען. אז הורוויץ לויט דעם § 2. פון קאנטראקט האט איינגעצאהלט 2500 רובל און דאס געלד איז אויסגעגעבען געווארען אויף דעם געשעפט. דאס אומקערען פון דער סומע ווייזט זיך דעריבער פאלשטענדיג געזעצליך און די סומע ווערד צוגע'משפט פרידמאנען אומצוקעהרען הורוויצען. וואס איז נוגע די בעלוינונג פאר די צוקינפטיגע פערדינסטען, איז וועגען דעם קלאר און דייטליך געזאגט אין דער בעמערקונג פון קאנטראקט, אין וועלכער עס שטעהט: אויסער די פעראנטווארטליכקייט פאר דעם גאנצען קאנטראקט, ווען פרידמאן וועט זיך פערבינדען מיט אנדערע וועגען דער זאך, דארף ער בעצאהלען די איבריגע שותפים 5000 רובל. דער זין פון דער בעמערקונג איז קלאר און דייטליך: די צדדים האבען גערעכענט, איבערהויפט הורוויץ, אז נאך פאר דעם דרוקען וועלען זיין הוצאות און אז פאר די הוצאות דארף פעראנטווארטליך זיין דער דאזיגער, וואס דורך זיין שולד וועט די זאך ניט צושטאנדע קומען; אויסער דעם אויך פאר דעם פערלירען פון דער אונטערנעהמונג, וואס האט דאך א ווערט. דעריבער האבען זיי פאראויס געזעהען און בעווארענט פון איין זייט א בעלוינונג פאר די ווירקליכע הוצאות (אויסער די פעראנטווארטליכקייט פאר דעם גאנצען קאנטראקט) און פון דער אנדער זייט קגם פאר די פערלירונג פון די קינפטיגע פערדינסטען (ווען פרידמאן וועט זיך פערבינדען א.ז.וו. דארף ער בעצאהלען די איבריגע שותפים 5000 רוב'). אלזא ווי באלד אין קאנטראקט איז אויסדריקליך בעשטימט, אז אויסער די בעלוינונג פאר די ווירקליכע הוצאות דארף אויך זיין קנס, רעכענט דער סוד ניט פאר מעגליך צו אבזאגען די קלעגער אין זייער פערלאנגען וועגען דעם און משפט צו, לויט דעם קאנטראקט, אז פרידמאן דארף בעצאהלען 5000 רובל שאלקאוויטשען און הורוויצען. אנדערש קאן דער סוד ניט פערשטעהן די דאזיגע בעמערקונג פון קאנטראקט, איבערהויפט בעטראכטענדיג דעם § 2 פון קאנטראקט. און באמת נאר דעם ווי מאן האט געמאכט הוצאות ביי דער שתדלנות פאר דער אויסגאבע פון דער גאזעטע, וואלטען דאך געקאנט זיין און וואלטען געוועזען הוצאות אויף צו קויפען די נייטיגע מאטעריאלען צו דער אויסגאבע, מאשינען א. ד. גל. אויף אלעם דעם האט געדארפט געבען געלד הורוויץ ביז דיזר סומא פון 15000 רובל. פאר די ערשטע הוצאות אליין, איז געוועזען 3800 רובל, נאכדעם די מאטעריאלען א.ז.וו. חאטש נאר אויף 1000 רובל, צוזאמען 4800 רובל. ווען מאן זאל פערשטעהן דעם קאנטראקט אין דעם זין, אז די 5000 רובל דארפען גערעכענט ווערען אלס בעלוינונג פאר די ווירקליכע הוצאות וואלט דאך הורוויץ שטענדיג געוועזען אין פרידמאנס הענט און פון זיין

*) ווי עס האט געטענה'ט דער אדוואקאט פון דעם אנגעקלאגטען ה' קליינערמאן.

פאנטאזי׳ן וואלט צו יעדער צייט אבגעדענגט אין יעדען מאמענט א תל צו מאכען פון דעם גאנצען געשעפט, ריזקירענדיג נאר זי׳ קליינע סומע בערך פון 5000 רובל, אונ צו נעמען מיט זיך די ערל יבנ׳יש אויף דער אויסגאבע פון דער גאזעטע. אזא מין צושטאנד וואלט געוועזען זעהר ניט ריכטיג אונ עס איז שווער זיך פארצושטעלען אז הורוויץ, א קויפמאן פון ערשטע גילדיע, זאל זיין אזוי נאאיוו אונ מסכים זיין דער צו.

די טענה פון דעם אנגעקלאגטען, אז דער קאנטראקט איז ניט א ווירקליכער, ווייל אין איהם איז ניט אנגעגעבען א צייט פון דער עקסיסטענץ פון דער געזעלשאפט, פערדינט ניט קיין אויפמערקזאמקייט, ווייל די 1869 סט. דערמאנט וועגען קאנטראקטען אהן טערמינען. די שטיצונג פון דעם אדוואקאט פון דעם אנגעקלאגטען אויף דער 42 סט. פון האנדעלס־קאדעקס, אום נאכצווייזען אז דער קאנטראקט איז ניט גילטיג, געהער ניט צו דעם פאל. די ניט גילטינקייט פון א קאנטראקט וועגען וועלכער עס ווערד אין דער 42 סט. פון האנדעלס־קאדייקס גערעדט, דארף מאן פערשטעהן אין דעם זין, אז אויף דעם גרונד פון אזא קאנטראקט קאן מען ניט צווינגען די שותפים צו פערווירקליכען באמת די געזעלשאפט, נאר אבער אזא אקט קאן אונ זאל דינען פיר די שותפים אלס גרונד א קעגען די חשבונות וועגען די זאכען, וואס איז אבגעמאכט אויף דעם גרונד פון די פונקטען פון קאנטראקט, ביז עס ווערד אנערקענט, אז דער קאנטראקט איז ניט גילטיג. איבריגענס אזא שטיצונג אויף דער 42 סט. פון האנדעלס־קאדעקס אלס אזעלבסטשטענדיג׳ע אונ אונאבהענגיגע פאדערונג פון דער זאך זעלבסט, דארף געמאכט ווערען אין דער פארם פון א געגען אנקלאגע, וואס אין דער זאך איז עס ניט געשעהען.

בעטראכטענדיג דאס אלעס אונ שטיצענדיג זיך אויף די סט. 1153 אונ Уст. Гр. Суд. 1640, 1629, 868, 867, 456, 438, 366, Гражд. סט. בעשטימט דאס געריכט זיין אורטהייל וואס מיר האבען געבראכט אין „פאלקסצייטונג“ נומ. 9

---

## יודישע פרויענוועלט

### I. אלגעמיינע נייעס.

— אין כריסטיאנא (נארוועגען), איז א פרוי געווארען איין אדוואקאט, זי איז אין נארוועגען דערווייל די ערשטע.

— אין לאנדאנער אסטראג פאר פרויען האט מען די צייטען צוויי פרויען אבגע׳משפט צום הענגען, דערפאר וואס זיי האבען מעהרערע זייגעדינגע קינדער גע׳הרג׳עט.

— א רייכע ירושה. די פרוי פון דעם בעוואוסטען פראנצויזישען קינסטלער דיוראן האט בעקומען ירושה פון איהר שוועסטער פרוי סטערן, וועלכע איז נישט לאנג געשטארבען, 60 מיליאנען פראנק. פרוי סטערן איז אמאל געוועזען איינע פון די בעסטע ארטיסטקעס אין פראנצויזישען „קאמעדיע פראנסייז“.

— גראף ל. נ. טאלסטאי, וועלכען מען בעשולדיגט, אז זיינע ווערק האבען זעהר פיעל געווירקט אויף די זאכסישע קראנפרינצעסין זי זאל אנטלויפען פון איהר מאן מיט איהר געליבטען, שרייבט, אז ער געפינט נישט אין זיינע ווערק איין ווארט אפילו, וואס זאל מסכים זיין צו דעם; אדרבא ער האלט עס פאר דעם גרעסטען פערברעכען אונ בעטראכט די גאנצע געשיכטע פאר זעהר מאוס.

### II. יודישע נייעס.

— פרוי ר׳ ראבינאוויץ האט געגרינדעט אין דעם שטעדטל טראסטינעץ (ווילנ. גוב.) א חברה צו שטיצען ארימע קימפעטורענס.

— די יודישע פרוי ד״ר פעלציע מענדעלסזאהן, א געבארענע א ווארשעווער, האט בעקומען פון דעם עגיפטישען קעדיוו דעם ארדען „חעפאקור“ פאר איהרע מעדעצינישע הילפע, וואס זי האט דעם לאנד געבראכט.

— פריילין חנה קוריצקי האט געגרינדעט אין פאסטאוו (קיעוו. גוב.) אבענד־קורסען פאר ארימע יודישע מיידלעך.

— פרוי וויינבערג אונ נאך איינינע חסידישע פרויען אין ווארשא האבען געגרינדעט א פרויען־פעראיין צו העלפען די ארימע קראנקע, וואס געפינען זיך אין דעם ווארשעווער יודישען שפיטאל מיט וויין, טהיי, צוקער אונ נאך אנדערע זאכען. דערווייל גיט די חברה דערויף אויס יעדע וואך 60 רובל.

— דער יודישער פרויען־פעראיין אין אמעריקא האט געשיקט א דעלעגירטע, וואס זאל זיך ערקונדיגען וועגען דעם שענדליכען האנדעל מיט יודישע טעכטער אונ זוכען מיטלען ווי עס אויסצוראטען.

---

## איך אונ מיין באבע.

מיין באבע זאל לעבען, אויסער וואס זי איז א פרומע יודענע איז זי אויך א וואהל געלערנטע, זי דערצעהלט אונז שטענדיג מעשיות פון מוסר ספרים, זי ווייסט א סך פסוקים פון משלי אויסוועניג. עס שטעהט געשריבען אין משלי: „יודע צדיק נפש בהמתו“, ווייסט זי, אז דער פשט פון דעם איז: פריהער גיט דער צדיק עסען זיין פיה אונ נאכדעם נעמט ער זיך אליין צום עסען. שטענדיג, זאגט זי, בעדארף זיך א מענש פיהרען נאך די מדות פון השי״ת; אזוי ווי דער רבונו של עולם איז א מרחם על כל מעשיו, ער שפייזט אפילו א ווערמל אונטערן שטיין, אזוי דארף דער מענש זיין א בעל רחמים, מען דארף האבען שטענדיג אין זינען אנצוקארמען די עופות אונ די קיה, דער קאץ דארף מען אויך געבען עפיס צו עסען אונ מען טאר ניט מצער זיין קיין בעשעפעניש. אט אזעלכע מוסר־שטיקלעך זאגט זי אונז שטענדיג.

פרייטאג פריה, איך זעה, מיין באבע נעמט ארויס א לעבעדיגען פיש פון עמער וואסער, מיט א פינף פינטיגען געוויכט טוט זי א שטארקען קלאפ דעם פיש אין קאפ אונ נעמט זיך גלייך צו אבשאבען די שופען, דער פיש צאפעלט זיך נאך איהר אין דער האנט, מיין באבע האט אביסל הנאה אונ זאגט מיט א שמייכעל אויף די ליפען: לכבוד שבת! לכבוד שבת! א פריש צאפעלדיגער פיש.

אוי, וואס טוט איהר באבעניו — זאג איך איהר — עס איז דאך א צער בעל־חיים, דער פיש לעבט נאך, עס טוט איהם דאך געוויס וועה, אז ער צאפעלט זיך אזוי, וואו איז אייער רחמנות?

געה, נארעניו, דער פיש פיהלט גאר ניט, — זאגט זי מיר מיט א זיכערען טאן.

— איהר האט א טעות באבעניו. אט הערט מיך אויס אויף אמאל, וואס איך וועל אייך דערצעהלען, וואס גרויסע געלערנטע מענשען שרייבען וועגען דאס לעבען פון אלערליי פיש, זיי האבען דאס יאה־

רען לאנג נאכגעפארשט און בעשרייבען דעם אמת, וואס זיי האבען דערגאנגען.

די פיש — זאגען זיי — האבען אלע פינף חושים, ד"ה: זיי זעהען, הערען, שמעקען, פערזוכען און פיהלען, נאר זיי האבען ניט קיין קול. אז מען שאבט זיי אדער שניידט מיט'ן מעסער, פיהלען זיי זעהר שטארק די יסורים, וואס מען מאכט זיי, נאר זיי קענען געביך ניט שרייען און וויינען, ד"ה, זיי קענען ניט ארויסגעבען א זעלכע צייכען ווי אנדערע בעשעפעניש, אז דער מענש זאל זיי פערשטעהן; אבער צווישען זיך אליין האבען זיי אזא מין שפראך, וואס זיי ערקלערען דאס דורך פערשידענע תנועות. בעזונדער קאן מען דאס בעמערקען ביי די פיש, וועלכע שווימען אין געזעלשאפט, מחנות ווייז. דארט זעהט מען ווי איינער געהט פאראויס ווי א מנהיג און אלע געהען איהם נאך. דער מנהיג ווייזט זיי דעם וועג, און דורך פערשידענע צייכען פערהיט ער זיי פון די נעצען אדער אנדערע געפאהרען, וועלכע קומען זיי פאר אין וועג. עס זענען דא א זעלכע מיני פיש, וואס זיי האבען ליב צו הערען מוזיק. ווען די פישער ווילען זיי פאנגען, שטעלען זיי זיך ביים ברעג טייך, הויבען אן צו שפילען מיט פידלען און פלייטען אזוי קומען אן גאנצע מחנות. אבער ווען די מנהיגים זענען מיט זיי, איז דאמאלס זעהר שווער צו פאנגען. דערפון זעהט מען, אז זיי האבען אויך פערשטאנד.

א וואונדערבארע געשיכטע דערצעהלט דאקטאר ווארוועק.

אלס ער איז אמאל געפאהרען שפאצירען אויפ'ן טייך האט ער געזעהען אין טיפען, קלארען וואסער, ווי א גרויסער דיקער העכט איז האסטיג געשוואומען, ער האט זיך נאך געיאגט נאך א קליין פלאטקע, פלוצלינג האט ער זיך אנגעשלאגען אן א שארפען פעלזענשטיין און האט צעשמעטערט זיין קאפ. פון גרויס שמערצען האט ער זיך געווארפען הין און הער, ארויף געשוואומען פון אויבען, נאכדעם האט ער זיך אראבגעלאזט צום גרונד און געשטעקט זיין קאפ אין זאמד, עס האט איהם אלץ ניט געהאלפען צו פערגרינגערען זיינע יסורים, נאכדעם איז ער צו געשוואומען צום ברעג טייך און האט ארויס געשטעקט זיין קאפ אין פרייער לופט. ווארוועק איז צוגעגאנגען צו איהם און האט זעהר פארזיכטיג צוריק אריינגעלעגט דעם ארויסגעקראכענעם מארך אויף זיין ארט, און ארומגעוויקעלט מיט א גרויסען גרינעם בלאט און פעסט ארומגעבונדען. דער העכט איז די גאנצע צייט געלעגען רוהיג און האט זיך אלץ געלאזט טון, און ווי דער דאקטאר האט געענדיגט זיין ארבייט איז דער פיש אוועקגעשוואומען. אויף מארגען פאר נאכט איז ווארוועק ווידער געקומען צום טייך, האט ער געזעהען ווי דער העכט שטעהט אויף דעם זעלבען ארט. ווען ווארוועק איז צוגעגאנגען נאהענט האט דער העכט אנידערגעלעגט זיין קאפ אויף דעם דאקטארס פוס. ווארוועק האט באלד ווידער געמאכט איהם א באנדאזש ווי נעכטען. אזוי האט ער איהם געהיילט עטליכע טעג, ביז דער פיש איז געווארען אין גאנצען געזונט, און נאך אלעם, יעדען טאג, ווען דער דאקטאר פלעגט קומען צום טייך, איז דער העכט צוגעקומען צו איהם און האט גענומען פון זיין האנט עסענווארג און האט זיך ארום געדרעהט ארום זיין האנד און זיין פוס, אזוי ווי ער וואלט איהם בעדאנקט פאר זיין חסד, בשעת פון אנדערע מענשען איז ער אנטלאפען ווי אלע אנדערע פיש.

אצונד וועל איך אייך דערצעהלען, וואס דאקטוירים שרייבען, ווי דאס איז שעדליך צום מענשליכען געזונדהייט. זעהר אפט קומען ארויס שווערע קראנקהייטען פון אזעלכע פיש, וואס מען טויטעט זיי אויף אזא אופן ווי איהר טוט.

עס איז א גרויסער טעות — שרייבט א געוויסער דאקטאר — וואס מען מיינט, אז מען גיט א שטארקען קלאפ דעם פיש אין קאפ הערט ער שוין אויף צו פיהלען. אין אמת'ן ווערד ער נאר דורך דעם קלאפ זעהר שטארק בעטייבט, אבער ער פיהלט נאך די שמערצען ווען מען שאבט פון איהם אב די שופען אדער מען שניידט איהם דעם בויך. אם בעסטען — ראט ער — מען זאל מיט א שארפען מעסער, ווי נאר מעגליך שנעל אראבשניידען דעם קאפ פון ריקען זייט. די לעבעדיגע פיש, וואס מען קויפט אין מארק, איז אויך פיעל בעסער דארט אויפ'ן ארט ארונטער צו שניידען דעם קאפ און ניט צו ברענגען אהיים און אריינלעגען איהם אין א קליין געפעס מיט וואסער, ד"ה: ער זאל זיך נאך מוטשען עטליכע שעה. דער פיש פיהלט זעהר גוט, אז עס דערווארט איהם דער טויט און האט דעריבער גרויסע אנגסטען, וואס דורך דעם קומט ארויס, דאס זיין פלייש ווערד ווייך און שלאף און אויסער וואס עס ווערד פארלארען דער גוטער טעם פון זיין פלייש, טרעפט נאך אפט, אז ער ווערד גאר גיפטיג, ד"ה עס בילדעט זיך אין איהם אזא מין לייכען־(נבלה) גיפט, וואס די געלערנטע רופען עס „פאטאמען". דאס טרעפט כמעט ביי אלע קאלטבלוטיגע בעשעפעניש. דער פאטאמען־גיפט פעראורזאכט שוין אויף א לייכטעי אופן: דיזינטעריע־קראנקהייט און אויף שטרענגערע ארט ברענגט ער אויף אזא מין כאלערא, וואס עס ענדיגט זיך מיט'ן טויט. דער זעלביגער דאקטאר מאכט אויפמערקזאם, אז די פאטאמען־גיפט קאן זיך טרעפען ביי אלערליי סארטען פיש, סיי ביי לעבעדיגע, סיי ביי פרישע, אדער געזאלצענע, געטרוקענטע, מארינירטע. די אורזאך פון וואנען עס קומט ווייסט מען נאך ניט. אויסוועניגסטע סימנים איז דערצו ניט פארהאן, אויך קאן מען ניט דערקענען ניט פון ריח און ניט פון געשמאק. דעריבער איז זעהר נייטיג א ריכטיגער סימן, אז יעדער זאל קענען פראבירען, און דאס איז דער סימן: מען זאל נעמען א קליין שטיקל רויע פיש, ארויף לעגען אויף א טעלער און מיט א קלינגעל פון א מעסער גוט צודריקען; אויב דער פיש איז געזונט, ד"ה גוט צום עסען, איז זעהר שווער צוצודריקען, עס איז אזוי ווי גומילאסטיק; דאגעגען די וואס האבען אין זיך פאטאמען־גיפט צעקריכט דאס פלייש אונטערן מעסער אזוי ווי א שמיר זייף.

מיין באבע האט אלץ גוט אויסגעהערט, נאכדעם האט זי געזאגט שאקלענדיג מיט דעם קאפ: נו, נו, דאס איז א וועלט: אז די אייער לעהרנען שוין די הינער.

פ. קאנטראוויטש.

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר.
פערלאג „פאלקסבילדונג".

Herausgeber Verlag Volksbildung, Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau, Druck v. S. L Deutscher Podgorze b-Krakau

## פון דער אדמיניסטראציע.

די אגענטען ביי וועלכע מען קאן אויסשרייבען די „יודישע פאלקסצייטונג“ מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום-עליכם“, אונ אויך מודעות (אנאנסען) אויפגעבען:

**אדעסא:**
האחים בלעטניצקי, מו"ס;
ה' ש. הארענשטיין. מו"ס (Безъимен. пер. 28)
ה' י. שערמאן, מו"ס (Ришелевская 33)
ה' י. ח. ראבינעצקי עט קאמפ' מו"ס Узолъ Б. Арнаутской и Ришелевской д. Барбаша
ה' י. סווערשזענסקי (Успенская 61)
ה' ד. הורוויץ, מו"ס (М. Арнаутская 106)

**אומאן:**
ה' פ. פינקעלשטיין (שלל"פ).

**אלכסנדריא:**
ה' נ. מארגונאוו.

**אסיפאוויצי:**
ה' א פעלדמאן.

**ארהיוב:**
ה' ב נ. בערקאוויץ (שלל"פ).

**באר:**
ה' י. זאין

**באברויסק:**
ה' י, גינזבורג, מו"ס.

**באראנאוויצי:**
ה' א. ראגוזניצקי.

**באריסאוו:**
ה' ב. לעווין.

**ביאליסטאק:**
ה' י. אינדריצקי, מו"ס;
ה' א. קויפמאן, מו"ס;
ה' ש. ליפשיץ, מו"ס;
ה' נ. זאבלודאווסקי (שלל"פ);
ה' איצקאוויץ (שלל"פ)

**ביעלאיא צערקאוו:**
ה' י, זאבעלינסקי, מו"ס;
ה י. מ. הערצבערג, מו"ס;
ה' פ. גאלדשטיין.

**בערעזינא:**
ה' מ. רובינציק (שלל"פ).

**בענדערי:**
ה' ב. חאלאדענקא.

**ברדיטשוב:**
ה' י. ראזומאווסקי, מו"ס.

**ברוסילאוו:**
ה' מ. ח. הארארעצקי.

**בריסק דליטא:**
ה' בן-ציון ניימארק.

**גראדנא:**
ה' ה. א. יאנאווסקי:
ה' ב. יפה;
ה' מיללער, מו"ס.

**דובנא:**
ה' ל. ישפה (שלל"פ)
ה' ל. האלפערין.

**דווינסק:**
האלמנה נ. שעפטל מו"ס;
ה' ג. רעזענט, מו"ס;
ה' מ. ברעוודא;
ה' י. פארעזשין, מו"ס.

**הייסין:**
רופא שנים ה' באלאבאן (שלל"פ).

**האמעל:**
ה' שלמה בערמאנן (שלל"פ) (Спасская ул. д. Блюменталя)
ה' ל. שיינבוים (שלל"פ);
ה' ה. ראמאנאווסקי מו"ס;
ה' י. אדלער.

**האראדישצע:**
ה' י. לישצינסקי.

**הולייפאלי:**
ה' י. ס. מאנבא.

(פארטזעצונג קומט).

# תשובה לשואלי.

בימים האלה פונים רבים אלי בשאלותיהם ע"ד הטהיי ודורשים מה נשתנה הזמן הזה, שהחלו להכשירו בהכשרים לחג הפסח, מה שלא הי' בשנים עברו, ויש מהם שמחזים דעתם, שאין בטהיי שום חמץ כלל, מפני שהוא מין צמח, עלים של ענפי אילנות. (וידוע דברי תשו' שבו"י הובא בשער"ת סי' תנ"ג ויעוין בס' הנחמד שדי חמד מערכת חו"מ סי' ד' אות י"ז).

בהיות שתכבד העבודה לענות לאיש איש בפרטות ומה גם כי דבר זה נוגע לרבים לכן הנני משיב **תשובה כוללת** בזה:

אחרי שחקרתי מפי מומחים בסחורה זו נודע לי בברור, כי אמנם בעצם הטהיי אין שום חמץ כלל, אבל דרושה **זהירות יתירה וזריזות עצומה בשעת הכנתה.** ולפנים בשנים עברו, שהיו גם הסוחרים הקטנים מביאים להם איש איש תיבה שלמה סגורה וחתומה ממקום גידולה ומן התיבה נתנו את הטהיי בצרורות בבתיהם איש איש בעצמו, אז לא היה חשש איסור. אבל עכשיו שרק בתי המסחר הגדולים במקומות הרחוקים מביאים לבתי אוצרותיהם תיבות התומות ממקום גידול הטהיי ישם בבתי האוצרות הגדולים מוציאים את הטהיי ומקפלים בצרורות של ניר אלפי אלפים חבילות וידים עסקניות של מאות פועלים עוסקות בקפול הטהיי והפועלים בשעת מלאכתם אוכלים לפעמים את לחמם חמץ ופרורים של לחם נושרים ונופלים אל הטהיי וכן יקפלו בצרורות הניר בליטראות וכן מגיעים לידי הסוחרים הקטנים והחנונים, לכן **יש בזה בודאי חשש המץ וכל בן ישראל מחויב להזהר על נפשו.** ע"כ האי מילתא בעי הכשירא באופנים אלו:

**א.** שהפועלים בבתי האוצרות המקפלים את הטהיי בצרורות יהיו **אנשים שיודעים בעצמם להזהר שלא תצא על ידם תקלה של חמץ בפסח.**

**ב.** ובהיות שאין אפוטרופוס לרעבון ואפשר שבשעה שיציק הרעבון לפועל ישים בהפזון פת לחם בפיו בשעת עבודתו, לכן צריך **שרבני המקום**, ששם נמצאים בתי האוצרות יעמידו **משגיחים מיוחדים, שישגיחו על הפועלים ויזהירום על החמץ**, וכן ישגיחו בענין הדבק של הבנדרלים.

הכו"ח פה **ווארשא** יום ג' ז"ך לחדש שבט שנת תרס"ג לפ"ק.

**אברהם צבי פערלמוטטער**, מלפנים אבד"ק **ראדום.**

וכעת עבד נרצה לעדת ישראל פ"ק הנ"ל. (מקום החותם)

(181)